# רעדנער און דענקער

## דרשות פאַר אַלע אידישע ימים טובים און אַנדערע געלעגענהייטען

איין אָפּשפּיגלונג פון אידישען און אַלגעמיינעם לעבען און געדאַנק

---

### צווייטער טייל

---

פאָרגעטראָגען פון


## הרב דוד מנחם שאָכעט

רב דביהכ"נ אגודת אחים
יאָנקערס, נ. י.

(דאָקטאָר פילאָסאָפיע קאָלאָמביא אוניווערסיטעט; דוקטור לספרות העברית מאת בית מדרש לרבנים בנויאָרק)

מחבר פון די ענגלישע ווערק:
„המשפט העברי בימי הבינים"; „נתוח המת להלכה";
„לקורות כתבי הקדש".


---


פרדס פובלישינג הויז, אינק.
י. ז. בוכבינדער, נשיא
27 קאנאל סטריט, ניו-יאָרק נ. י.

---

ת ר צ " ג

# Preacher and Thinker

## A COLLECTION OF SERMONS
*for Jewish Holidays and Other Occaisons*

Preached from the pulpit of Congregation
Agudas Achim, Yonkers, N. Y.

*by the*

RABBI DAVID M. SHOHET
M.A.; Lh. D.; Ph. D. (Columbia University)

*Author: "The Jewish Court in the Middle Ages"; "The Bearing of the Newly Discovered Papyri on Biblical History"; "Autopsy Alluding to Jewish Law".*

**VOLUME II**

**Pardes Publishing House, Inc.**
U. Z. BOOKBINDER, President
27 Canal Street, New York, N. Y.

1933

# אינהאַלטס פאַרצייכענים:

# דרוש לשבועות

## סגלה, קדושה, כהנה

אתם ראיתם אשר עשיתי למצרים ואשא אתכם על כנפי נשרים ואביא אתכם אלי. ועתה אם שמע תשמעו בקולי ושמרתם את בריתי והייתם לי סגלה מכל העמים, כי לי כל הארץ. ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגוי קדוש — אלה הדברים אשר תדבר אל בני ישראל.

(שמות י"ט, ד-ו).

דער עקידה (עקידת יצחק, שער חמשה וארבעים) פרעגט אַ גערעכטע פילאָזאָפישע פראגע וועגן דעם ענין פון מעמד הר סיני, און די פּראקלאמירונג פון די עשרת הדברות. ער זאָגט: „אין ספק כי עוצם החרדות ורוב הזמנות אשר תעשינה על ידי איש חכם ונבון אל דבר מהדברים יעידו ויגידו על גודל הדבר הוא ועצם מעלתו... ועתה כמו כן כאשר בא האלהים להרעיש שמים וארץ במעמד הגדול והנורא הזה אשר לא היה כמוהו מן העולם.. וכבר נתפרסם שם מציאות חבור כל דברים הגדולים בתכלית הגדולה להשמיע שם עניינים גדולים ונוראים גם כן בתכלית המעלה"...

דאָס הייסט, ווען מיר זעהן אַ קלוגען מענשען מאַכענדיג גרויסע הכנות צו ערגרייכען אַ געוויסען ציעל, קען מען דער-פון אורטיילען דאָס דער תכלית מוז זיין געווים גרוים, און וויכטיג גענוג אום צו בערעכטיגען אזוי פיעל מיה און הכנות. און ווי דער בדרשי דריקט זיך אוים דאָס עס איז אונמעגליך צו טראַכטען אַז אַ מענש זאָל פערשווענדען צעהן טויזענד לעבלאָך זילבער אויף צו פּראָדוצירען איין איינפאכע אייזער-

נע נאָדעל, דארום זאָגט בדרשי, דאָס עס מוז געווים זיין אַ גע־
וויסער גרויסער ציעל אין דער באַשאַפונג פון דער וועלט, און
אויך פון די אלע אנדערע וועלטען, א תכלית, וועלכען בלויז
גאָט אליין וויים, (בדרשי, בחינות עולם, י״ב). און דאָס זעלבע
פרעגט זיך, זעהענדיג די גרויסע הכנות וועלכע גאָט האָט גע־
מאַכט ביי דעם מעמד הר סיני, די „קולות וברקים וההר עשן,
ויחרד כל העם אשר במחנה", האָט דאָך על פי שכל דער תכלית
געדארפט זיין פיעל גרעסער און ערהאבענער ווי די פראָקלאַ־
מירונג פון די עשרת הדברות פון וועלכע דער גרעסטער טייל
איז פערשטענדליך צו אלעמען, אפילו צו די איבריגע פעלקער,
ווייל זיי זיינען דאָך אַ געזעלשאַפטליכע נויטווענדיגקייט,
דער מענשליכער שכל וואָלט זיי אָהן דעם אויך ארויסגעבראכט.
ביי אַזאַ מעמד וואָלט זיך געפּאַסט דאָס דער כביכול זאָל מגלה
זיין זיין מהות, ער האָט געדארפט ערקלעהרען דעם בראשית,
דעם יש מאין, די אורזאכע, די סיבה פון דער בריאה פון די
פארשידענע מינים, ווי אזוי בעוועגען זיך אלע גלגלים, אויך
די באַגריפען פון ידיעה, „טוב ורע", וכדומה פילאָזאָפישע ער־
קלעהרונגען. און דערמיט וואָלטען די אידען זיך אויסגעציי־
כענט פון אלע אנדערע פעלקער, זיי וואָלטען ווירקליך געווען
איין עם סגולה און די אמת'ע לעהרער פון אלע פעלקער ווע־
גען דעם גאַנצען מהות פון גאָט. אָבער ווי עס איז געווען,
האָט זיך דער גאַנצער פּאַראַד פון התגלות אלהים ביי סיני —
נים געלוינט, ווייל דער שכל איז מחייב די עשרת הדברות.

אין זיין ענטפער אויף דיזער וויכטיגער פראגע זאָגט
דער בעל העקדה, דאָס אויב גאָט וואָלט ערשינען ביים מעמד
הנבחר אלס פילאָזאָף, וואָלט דער גאַנצער ענין פון מעמד הר
סיני געווען אַ דורכפאַל. ערשטענס, וואָלט אַזאַ אפענבארונג פון
דער מהות פון גאָטהייט, פון דער בריאה, און פון אלע סיבות
וואָס מאַכען די וועלט און אלע אנדערע וועלטען זיי זאָלען זיך
בעוועגען און זיינען ווי זיי זיינען — געווען דער גרעסטער קלאַפּ

פאר דעם מענשליכען מוח. דער מענש וואָלט געווען ניט העכ־
כער פון אַ בהמה, און דער שכל וואָלט דאָ געווען גאָר איבריג.
היינט, זוכט דער מענש צו פאָרשען און דערגרונטעווען מיט
זיין שכל די אלע סודות פון גאָט און דער בריאה. צווייטענס,
דער תכלית פון יענעם מעמד איז ניט געווען צו ערווייטערען
מענשען פון פאַלשע דעות וועגען גאָט׳ס מהות, וועל־
כע — נאָך אַלעמען— האָט מיט דעם מענשען גאָר ניט צו טאָהן.
עס איז ניט מעלה און ניט מוריד ווי אזוי איך באַגרייף גאָט׳ס
וועזען אָדער זיין מהות, דער מענש וועט גאָרניש לערנען דער־
פון ווי זיך אויפצופיהרען אויף דער וועלט, דאָס איז אן ענין
פאַר יחידי סגולה, צו גריבלען זיך אין גאָט׳ס מהות, דער הויפּט
תכלית פון „מעמד" איז געווען אָפּצוגעוואוינען מענשען פון די
פאַלשע אידעען וועגען גאָט, וועלכע זיינען געווען פארשפּרייט
אין יענער צייט, זיי צו לערנען דאָס גאָט איז אַ משדד הטבע —
ער קען איבעראַנדערשען די נאַטור ווען ער וויל — ניט דאָס די
וועלט איז אַ קדמון, און דאָס זי ווערט געפיהרט אָהן שנוי,
און אויך צו לערנען מענשען דאָס עס איז דאָ השגחה פּרטית,
— אַן אָפּלייקענונג פון דעם גריכישען געדאנק דאָס גאָט איז
צו מאַיעסטעטיש ער זאָל האָבען איין עינא פקיחא אויף יעדען
באַזונדער — און אלס אַ פאלגע דערפון ווערען ערקלעהרט
שכר ועונש. — די מאָראל דערפון פאר דעם מענשליכען אויפ־
פיהר אויף דער וועלט, איז אונשעצבאר, ווארום אויב איך זאָל
אָננעהמען דעם געדאנק פון „לית דין ולית דיין" פאַלט אַוועק
דער גאַנצער ענין פון מוסר, דער מענש ווערט איין איינפאכע
חיה און די געזעלשאַפט צופאַלט זיך. דערפאר זעהן מיר טאַקע
דאָס די אלע פעלקער וועלכע האָבען געפרעדיגט דעם געדאנק
פון „השמים שמים לה׳, והארץ נתן לבני אדם", — דאָס גאָט
האָט נאָר צו טאָהן מיט די הימלען, און די ערד איז געגעבען
געוואָרען צו מענשען — זיינע טאַקע אומגעקומען. זיי האָ־
בען ניט נאָר בעגאַנגען אלע תועבות וועלכע גאָט האָט פיינט,

נאָר האָבען אויך בעגאַנגען רציחות, זיי האָבען ארויסגעריסען יעדע גוטע מדה וועלכע גאָט האָט איינגעפלאַנצט אין יעדען מענשען׳ס האַרץ, און זיי זיינען געוואָרען ווי ווילדע חיות גלייך, וועלכע ווייסען נאָר צו רייסען און פערצוקען אָהן רחמנות, זייער גאַנצער ציעל אין לעבן איז בלויז געווען ממלא צו זיין זייער אייגענע תאוה, ווייל זיי האָבען קיין באַגריף פון געזעלשאַפטליכקייט ניט געהאַט „כי אין אמת ואין חסד ואין דעת אלהים בארץ — אלה וכחש רצוח וגנב ונאוף פרצו... (יואל). גאָט האָט דערפאַר צו זיי גערעדט ווי אַ מענש אום זיי זאָלען איהם דייטליך פארשטעהן און איינצופלאַנצען אין זיי די אמונה פון מציאות ה׳, זיין אחדות, דאָס ער קען איבער־אנדערשען די נאַטור, און דאָס ער קוקט בעינא פקיחא אויף יעדער זאך באזונדער, אום בכדי מענשען זאָלען טאָהן משפט, און צדקה, און דערמיט שאַפען אַלמענשליכען גליק.

אין ערשטען טייל פון די עשרת הדברות, זאָגט גאָט: „אנכי ה׳ אלהיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים״ — ניט אשר בראתי שמים וארץ — ווייל דאָ ערשיינט גאָט בעשיינפערליך אלס דער משדד הטבע, דאָס ער טהוט נסים און גיט אַכטונג אויף דעם מענשען, פאראינטערעסירט זיך אין זיינע ליידען. און דער צווייטער טייל הויבט זיך אָן מיט „כבד את אביך ואת אמך״ ווייל איהר צוועק איז אָנצוהאַלטען דעם געזעלשאַפט־ליכען גלייכגעוויכט וועמענס אָנפאַנג איז די היים. וואָרום ווען די אומות העולם האָבען דערהערט די מצוה פון „כבד״ האָבען זיי מודה געווען אויך דעם ערשטען טייל פון די עשרת הדברות, זיי האָבען אייגעזעהן אז גאָט איז ניט אויסען זיך, לכבוד עצמו הוא דורש, נאָר די גאַנצע מענשהייט, און דעם שלום פון דער געזעלשאַפט: „חזרו והודו למאמרות הראשונות״.

די תורה איז אַלזאָ ניט נאָר געטליך, נאָר אויך איבער־הויפט מענשליך. זי איז געגעבען געוואָרען פאר מענשען זיי צו צייגען ווי זיך צו פיהרען אויף דער וועלט. ווען משה איז

ארויף אויפ'ן הימעל צו נעהמען די תורה, האָבען די מלאכים גע'טענה'ט: תנה הודך על השמים, אבער גאָט האָט זיי גע־ענטפערט — כלום למצרים ירדתם, כלום יש בכם משא ומתן, כלום יש לכם אב ואם (שבת פ"ח). איהר מלאכים קענט פון דער נאַטור קיין נוצען ניט האָבען.

פסח שטעלט מיט זיך פאָר אַ סאָציאלע, פּאָליטישע רע־וואָלוציע, שבועות איז אַ גייסטיגע רעוואָלוציע. אַ מהפכה אין דעם אַרט דענקען און מענשליכען אויפפיהר. דער יום טוב שבועות — מעהר פון אַלע אנדערע ימים טובים — סימ־באָליזירט דאָס אידישע פאָלק אלס איין עם סגולה און ממלכת כהנים וגוי קדוש. זייט יענעם טאָג פון מקבל זיין די תורה האָט דער איד כסדר געשטופּט דעם וועלט פראָגרעס פאָר־ווערטס, אויף דעם וועג צו ציוויליזאַציע, שלום, און מענשלי־כען צוזאמענלעבען.

די עשרת הדברות זיינען די „מאגנא קארטא", דער גרויסער טשאַרטער פון דער גאנצער מענשהייט. דאָס אידישע פאָלק איז זייט יענעם „מעמד" געוואָרען אין ריכטיגען זינען פון וואָרט דער אתה בחרתנו פאָלק, דער אויסדערוועהלטער פון גאָט צו זיין די לעהרער פון דער מענשהייט, צו פארשפּריי־טען ליכט, און אור לגוים — צו אַ ל ע פעלקער.

און איידער גאָט פראקלאמירט די צעהן געבאָט, זאָגט ער צו די טרעגער פון די עשרת הדברות, ווי אַ מין הקדמה, זייער ציעל און תכלית אויף דער וועלט, צווישען אַנדערע פעל־קער.

איהר האָט דאָן געזעהן וואָס איך האָב געטאָן צו די מצרים, און ווי איך האָב אייך געטראָגען אויף די פליגלען פון אדלערען. אין מצרים האָט איהר געזעהן מיין השגחה פּרטית. איהר זייט געווען שקלאפען און איך האָב אייך באַפרייט. איך האָב אייך געטראָגען און באַשיצט ווי איין

אָדלער באַשיצט זיינע קינדער, טראָגענדיג זיי אויף זיינע פליגלען, אזוי דאָס קיין שלעכטס קען מיט זיי ניט פּאַסירען. ווי שעהן דער מעטאפאר איז צוגעפּאַסט צו די בני ישראל וועלכע האָבען געוואנדערט אין דער מדבר. ניט איינמאָל האָבען זיי באַמערקט ווי די אָדלערלאך נעסטען זיך אויף די פליגלען פון דעם אָדלער, וועלכער טראָגט זיי געדולדיג און מיט ליעבע.

„ועתה — און יעצט — נאָכדעם ווי איך האָב דיך גע־צערטעלט ווי אַ פאָטער זיין קינד, וויל איך — זאָגט גאָט — דאָס דו זאָלסט ארויסגעהן אויף דיינע אייגענע אחריות, „אם שמוע תשמעו בקולי ושמרתם את בריתי" — אויב דו וועסט פאָלגען וואָס איך היים דיר און וועסט היטען מיין אָפּמאַך, דו וועסט אָננעהמען מיין תורה, וועט איהר ווערען איין עם סגולה, וואָס מיינט, דאָס איהר וועט שטעהן העכער איבער דער נאַטור, אייער עקזיסטענץ וועט זיין איבערנאַטירליך, מען וועט אייך ניט קענען מעסטען מיט דער זעלבער מאָס ווי אַנדערע פעל־קער, ווייל אַלע אנדערע פעלקער, פיל גרעסערע און מעכטיגערע פון אייך, וועלען בשום אופן ניט קענען אָנהאַלטען אַזאַ לאַנגע עקזיסטענץ, קיין מענשליכער שכל וועט ניט קענען ערקלעהרען אייער סודֿ הקיום, ווייל „כי לי כל הארץ"... די ערד איז מיין, זאָגט גאָט, איך האָב באַשאַפען די ערד און די נאַטור, איך קען אויך איבעראנדערשען די נאַטור. איהר האָט דאָך געזעהן די נסים אין מצרים, וואו איך האָב געצייגט אותות ומופתים וועלכער דער פשוט'ער מענשליכער שכל וואָלט קיינמאָל ניט געקענט משיג זיין אָדער ערקלעהרען, אזוי וועט איהר זיין אַ רעטעניש פאר אלע פעלקער אין דער וועלט.

אלץ וואָס איך פארלאנג פון אייך איז בלויז דאָס איהר זאָלט זיין אַ ממלכת כהנים וגוי קדוש, אַ מוסטער פאָלק, ווייל אייער שליחות פון היינט אָן וועט זיין העכער פון דער נאַ־טור, אייער ארבייט, אייער עובדה וועט זיין אַ געטליכע און

הייליגע — די עבודה פון אַ כהן. דאָס איז ניט אַ דינסט אין דעם געוועהנליכען אלטעגליכען באגריף וועלכע איז אונטער־וואַרפען די אומשטענדען און נאַטירליכקייט, נאָר, אזוי ווי איך גאָט בין העכער פון סבות — איך בין דער מסבב הסבות, און העכער פון דער נאַטור ווייל איך האָב איהר באַשאַפען, אזוי וועט איהר זיין אַ פאָלק פון הייליגער געטליכער דינסט פאר דער מענשהייט. והייתם לי סגולה — איך גאָט בין בערייט צו מאַכען אייך פאר איין עם סגלה, איך וועל מקיים זיין מיין צוזאָג, אָבער בתנאי ואתם תהיו לי ממלכת כהנים וגוי קדוש, איהר דארפט טאָהן אייער טייל, איהר דארפט מקיים זיין אייער חלק, צו זיין אַ קעניגרייך וואָס ווערט געפיהרט פון כהנים, פון די לעהרער פון דער תורה וועלכע לערנען עפ״י התורה „כי שפתי כהן ישמרו דעת ותורה יבקשו מפיהו”, אַ קעניגרייך וואָס ווערט ניט רעגירט און געפיהרט דורך ברו־טאַלע מאַכט, לא בחיל ולא בכח כי אם ברוחי..

ממלכת כהנים — דער כהן איז אַ דינער פון גאָט, און אלס אַזעלכער ווערט ערוואַרטעט פון איהם אַ שעהנערער און העכערער אַרט לעבענס שטייגער אלס מען ערוואַרטעט פון איינפאכע מענשען. ער ווערט געאורטיילט מיט אַן אַנדער מאָס. זאַכען וועלכע וואָלטען געטאָהן געוואָרען פון פשוט׳ע מענשען, וואָלטען זיי פארקוקט געוואָרען, ווערען אָבער ניט פארקוקט, ווען זיי ווערען געטאָהן פון אַ כהן. דאָס פאָלק נעהמט דעם כהן אלס ביישפיעל און וועגווייזער, ממנו יראו וכן יעשו, ער מוז דעריבער זעהר פאָרזיכטיג זיין אין אלעם וואָס ער טהוט. מי יעלה בהר ה׳ ומי יקום במקום קדשו — נקי כפים ובר לבב, זיין הארץ — פונקט ווי זיינע הענט דאר־פען זיין אונבאַפלעקט. אויך דאָס אידישע פאָלק האָט אויף זיך גענומען די פליכט ביים מעמד הר סיני צו זיין די ממלכת כהנים וגוי קדוש. ער מוז דעריבער פיהרען אַ העכערען לע־בענס שטייגער אלס די איבריגע פעלקער. פלעקען וועלכע

זיינען נאַטירליך ביי אנדערע פעלקער, דארפען זיין אוננאַטיר-
ליך ביים אידישען פאָלק.

די פליכטען פון אַ כהן דאַרף זיין אָנצוהאַלטען דעם
אייביגען פייער אויפ׳ן מזבח — אש תמיד תוקד על המזבח
לא תכבה — די פייערען פון מזבח טאָרען קיינמאָל ניט אויס-
געלאָשען ווערען. אויף דעם מזבח האָט מען ניט געטאָרט בריינ-
גען קיין אש זרה אשר לא צוה ה׳, פרעמדע פייערען וועלכע
גאָט האָט ניט געהייסען, און ווען נדב ואביהו האָבען גע-
בראַכט אש זרה, זיינען זיי אליין אומגעקומען אין דעם אייגע-
נעם פייער. ניט נאָר דארפען מיר אידען אייביג אָנהאַלטען
אין אונזערע הענט די פאקעלען פון דער מנורה, האַלטען אין
איין גיסען ליכט און דינען די פעלקער וועלכע געהען אין
דער פינסטערניש, נאָר די ליכט מוז זיין ניט קיין פרעמדע,
עס מוז קומען פון אידישען מקור, עס מוז גענומען ווערען
פון מזבח. דער סוד דאַרף זיין איין אייביגער לעבעדיגער
פראָטעסט געגן אלעס וואָס איז פינסטער, שלעכט, און קאָ-
רופּט אין דער געזעלשאַפט. — און פונקט ווי דער כהן, אזוי
דאַרף אויך דער איד בלאָזען שופר „על הצר הצורר אתכם״,
ער דארף שטעהען אויף דער וואַך און וועקען די מענשליכע
געפיהלען געגען אלע שונאים און פארדאַרבער פון מענשליכען
גליק און שלום. דער איד דאַרף וועקען דעם מענשליכען
געוויסען געגן בלוט פארגיסונג, געגען מלחמות, געגען אונ-
גלייכהייט אין דער געזעלשאַפט. איך גאָט האָב אייך ארויס-
גענומען פון מצרים, באַפרייט פון בית עבדים, איך האָב
פיינט קנעכטשאַפט פון איין מענשען צו אַ צווייטען, און אויב
דער קנעכט וועט זאָגען: איך ליעב מיין האר און וויל ניט
ארויסגעהן פריי, „ירצע״ זאָלסטו איהם בויערען דעם אויער.
ער איז אַ נידריגע בריאה. היט דעם שבת טאָג — למען ינוח
אתה ובנך ובתך, עבדך ואמתך, וגרך אשר בשעריך. אלע
זיינען גלייך, דו, דיין זוהן, דיין טאָכטער, דיין קנעכט און דיין

דינסט, אויך דער פרעמדער אין דיינע טויערען. מאַך ניט קיין אונטערשיעד צווישען מענשען, קלאַסען און ראַסען, אלע זיינען גלייך באַשאַפען געוואָרען אין מיין געשטאַלט, מיין זון שיינט פאַר אלעמען גלייך, „כי לי כל הארץ" די ערד און איהרע רייכטימער זיינען מיינע, און איינער האָט אין איהר ניט קיין גרעסערען חלק פון אַ צווייטען. און טאָמער נעהמסטו זיך די פרייהייט צו נעהמען מעהרער, זאָלסטו וויסען: „לא תגנוב" — דאָס איז פשוט'ע גנבה. דערום זאָג איך דיר אָן „לא תחמוד" גלוסט ניט יענעמס, איך אַנערקען די הייליגקייט פון פריוואַטען אייגענטום, הפקר איז אַ ווילדער באגריף וואָס פאַסט זיך פאַר אַ חיה אָדער אַ בהמה. אויך איך, גאָט, זאָג „כי לי כל הארץ" די וועלט איז מיין אייגענטום.

„וגוי קדוש" און איהר זאָלט זיין אַ הייליג פאָלק.

אין מצרים, דער געבורט פלאַץ פון משה'ן, איז אַזאַ געדאַנק דאָס אַ גאַנצעס פאָלק זאָל ווערען כהנים און הייליגע פריסטער — געווען אונדענקבאַר. דאָס וואָלט די מצריים געווען אונמעגליך זיך פאָרצושטעלען, דאָרטען וואו עס האָט עקזיסטירט אונגלייכהייט פון קלאַסען. צווישען פאָלק און די פריסטער וואָלט אַזאַ געדאנק פאררעכענט געוואָרען אַלס רעוואָלוציאָנער און משוגע, אַזאַ געזעצגעבער וואָלט פאַר-ענדיגט זיין לעבען אלס מאַרטירער.

אָבער אידענטום מאַכט קיין אונטערשיעד, „קדושים תהיו, כי קדוש אני" — איהר זייט הייליג ווייל איך, גאָט בין הייליג, אַ קליינינקייט, מענשען זיינען ניט נאָר גלייך צוווי-שען זיך, זיי זיינען גלייך אפילו צו גאָט. איז דאָס ניט דער העכסטער פרינציפּ פון דעמאָקראַטיע? די מצריים זיינען גע-ווען אַ פאָלק רעגירט פון פריסטער, צווישען זיך געווען צו-טיילט, אַ מצרי פון העכערען קלאַס וואָלט עס פאררעכענט אונ-טער זיין ווירדע זיך אוועקצוזעצען עסען אַ מאָלצייט ביים זעל-בען טיש מיט מענשען וועלכע זיינען „אנשי מקנה". און דער

זעלבער פרינציפּ פון אונגלייכהייט, פון העכערע און נידערי־
גערע שיכטען צווישען מענשען, הערשט נאָך עד היום אין
אינדיע, און אויך אין אַ גרויסער מאָס אין דער מיטעלאַלטלי־
כער און מאָדערנער פּעריאָדע צווישען די קריסטליכע און אַראַ־
בישע פעלקער. אידען האָט מען אָבער אָנגעזאָגט, איהר זאָלט
א ל ע זיין אַ „גוי קדוש" — אַ הייליג פאָלק, ווייל איך גאָט
בין הייליג. אין גאָט'ס תפלין שטעהט געשריבען „מי כעמך
ישראל גוי אחד בארץ" — איין אומה צווישען אלע אנדערע
פעלקער, וואו דאָס פאָלק איז גענליכען צום כהן, דער כהן
איז נאָר דער לעהרער און וועגווייזער, אָבער פאַר גאָט שטעהט
ער צוגלייך מיט'ן איינפאכען מענשען. ביידע זיינען מחויב
אָפּצוהיטען די זעלבע תורה, די עשרת הדברות האָבען אלע
געהערט גלייך, ווייל אלע זיינען געשטאַנען ביים זעלבען מעמד,
און ניט נאָר צו די וועלכע זיינען געשטאַנען ביי דעם מעמד
הר סיני באַציהט זיך עס, נאָר אפילו צו טויזענדע דורות שפּע־
טער, „כי אשר ישנו פה עמנו היום ואשר איננו פה".

קריסטענטום אזוי ווי גריכענטום האָט צוטיילט איהר
גאָט אויף דריי חלקים. אויב גאָט איז צוטיילט, איז עס דאן
נאַטירליך דאָס אויך מענשען זאָלען זיין צוטיילט צווישען
זיך, און די קלעגליכע רעזולטאַטען פון אַזאַ צושפּליטערונג
זיינען צו גוט באַוואוסט. די קירך איז מעהר צושפּליטערט
צווישען זיך ווי אלע אנדערע מענשליכע אָרגאַניזירטע כחות,
און ניט נאָר זיינען זיי צושפּליטערט, זיי קעמפּפען איינער מיט'ן
צווייטען ביז צום טויט און האַלטען אָן די שנאה צווישען זיך.

דער מדבר איז געווען דער הינטערגרונד פון אַזאַ לעה־
רע. אין דעם מדבר זיינען אלע גלייך, די נאַטור איז אָרעם
פאַר אלעמען, דאָרטען זיינען ניטאָ קיין קלאַסען און שיכטען,
„תורה אחת ומשפט אחד" — איין געזעץ, איין גערעכטיגקייט
פאַר אלעמען צוגלייך, פאַר דעם געבאָרענעם, דעם איינגעזע־
סענעם, ווי אויך פאַר דעם גר, דעם פרעמדען.

„אלה הדברים אשר תדבר אל בני ישראל" — (לאָ פחות ולא יותר — רש"י). אָט די ווערטער זאָלסטו ריידען צו די בני ישראל, ניט מעהר און ניט ווייניגער. עליו לא תוסיפו וממנו לא תגרעו. זעלבסטפאַרשטענדליך איז דערמיט ניט געמיינט אַ געגנערשאַפט צו דער ענטוויקלונג פון דער תורה, זייט דעם מעמד הר סיני, האָט דער אידישער מוח ניט אויפ־געהערט צו שטודירען די תורה, דער ים התלמוד ווי אויך די מפרשים און די גאַנצע רבני'שע ליטעראַטור וואָלטען געווען איין אונמעגליכקייט, אויב מיר זאָלען אָנעהמען דיזען פאַר־באָט ווערטערליך. געמיינט ווערט מיט דעם, עליו לא תוסיפו, לייג קיין זאך ניט צו צו דער תורה און דאן זאָגען אַז דאָס צו־געלייגטע האָט אויך די זעלבע סאנקציאָן ווי די תורה פון סיני. ממנו לא תגרעו, נעהם קיין זאך ניט אַרונטער, דו ביזט ניט קיין בר סמכא גענוג צו קענען זאָגען וואָס איז גוט און וואָס איז ניט גוט. מאַך ניט קיין אָפּעראַציעס, דו ווייסט ניט פון וואנען אָנצוהויבען צו שניידען. לערען ניט ארויס קיין געצענדינערי־שע פשטים פון דער תורה, אום צו באַרעכטיגען פאַלשע סיס־טעמען.. מאַך ניט די תורה שעהנער ווי זי איז. קיין שעה־נערעס, מעהר ערהאַבענעס און הייליגערעס קען שוין מעהר ניט זיין. די תורה איז ניט קיין היסטאָרישעס בוך, היסטאָריע באַטראַכט נאָר געוויסע פעריאָדען, די תורה אָבער איז אייביג. די תורה איז ניט קיין וויסענשאַפטליכעס בוך. וויסענשאַפט־ליכע טעאָריעס ווערען עקספּלאָדירט, איין וויסענשאַפטסמאַן לייקענט אָפּ די השערות פון זיינע פארגענגער. אין דער תורה זיינען קיינע השערות ניטאָ. אלעס איז דאָרט באַגרינדעט אויף אומבאַריהרבאַרע אמת'ן. די תורה איז אַ סיסטעם פון עטיק, מאָראל און רעליגיאָן, און קיין שום אנדערע סיסטעמען וועלען ניט און קענען ניט פארנעהמען איהר פלאַץ.. „אני מאמין באמונה שלמה שזאת התורה לא תהא מוחלפת ולא תהא תורה אחרת מאת הבורא יתברך שמו" — איך גלויב

מיט'ן גאַנצען האַרצען דאָס דיזע תורה וועט ניט אומגעביטען ווערען אויף איין אנדער תורה, און דאָס גאָט וועט מעהר קיין אַנדער תורה ניט געבען. און אַבסאָלוט פאַלש איז קריסטענ־טום ווען זי באַהויפּטעט דאָס זי איז געקומען משלים צו זיין, ערגענצען די תורה, ניט נאָר האָט זי די תורה ניט ערגענצט — זי האָט איהר אפּגעשוואַכט, די קריסטליכע מאָראל איז אַ לעבליכע, ניט קאַלט און ניט וואַרעם, די מאָראַל פון שוואַכ־לינגע.

די מאָראל פון דער תורה, פון משה רבנו און די נביאים — איז די מאָראַל פון דעם געזונטען מענשליכען פאַר־שטאַנד, אַ מאָראל וואָס איז ניט נאָר שעהן, הייליג און ער־האַבען, נאָר אויך מעכטיג און מענשליך נאַטירליך. ניין, קריסטענטום און מאַכמעד'ס רעליגיאָן, די צוויי טעכטער פון יודענטום, האָבען דעם פּלאַץ פון דער תורה ניט פאַרנומען, און זיי וועלען עס קיינמאָל ניט פאַרנעמען.

און ווי טיעף די חז"ל האָבען אויסגעדריקט דיזען גרויסען אמת! — „ויהי ברדת משה מהר סיני ושני לוחות בידו ברדתו מן ההר, ומשה לא ידע כי קרן עור פניו בדברו את ה'. וירא אהרן וכל בני ישראל את משה והנה קרן עור פניו ויראו מגשת עליו" (שמות, כי תצא, ל"ד, כ"ט). רב יהודה בר נחמן אמר: מהיכן נטל משה קרני ההוד — כשמשה כתב את התורה נשתייר בקולמוס קמעא והעבירו על ראשו, ומכאן נעשו לו קרני ההוד". (שמות רבה מ"ז, ו'. מדרש תנחומא, תשא; דברים רבה, עקב).

דער מדרש פרעגט פון וואַנען האָט משה גענומען זיינע שטראַלענדע הערנער? ווען משה האָט געענדיגט שריי־בען די תורה איז נאָך אָבער געבליבען אַ ביסעל טינט אין זיין פעדער, האָט ער עס אָפּגעווישט אָן די האָר פון זיין קאָפּ און דערפון האָבען זיך געשאַפען די קרני ההוד. וואָס פאַר אַ בייסענדער סאַרקאַזם דאָ ליגט. עס וועט קומען אַמאָל אַ צייט,

ווען אַ פּראָסטער בשר ודם וועט זאָגען דאָס ער איז אַ בן אלהים און וועט פּראָקלאמירען אַ נייע תורה, ער וועט וועלען אַרונטערנעהמען אָדער צולייגען צו תורת משה, זאָלסטו איהם ניט גלויבען. מעהר קיין טינט צו שרייבען אַ נייע תורה איז ניט געבליבען אין גאָט'ס פען, אלעס וואָס דו קענסט טאָהן איז — ענטוויקלען, שטודירען, פּרובירען משיג זיין די תורה וועל־כע איז געגעבען געוואָרען אויפ'ן בארג סיני, און ווידער פרעג דעם זעלבסט-געקרוינטען בן אלהים צו ער האָט קרני הוד. דאָס איז דער סימן פון אַ מענשען וועלכער פּראקלאמירט א תורה ביי אידען, ווייל אויך משה וואָס האָט געגעבען אַ תורה האָט געהאַט קרני הוד, וועלכע האָבען אויסגעשיינט פון די איבערגעבליבענע טינט וועלכע ער האָט געלאָזט אָפּטריקענען אין זיינע האָר צייגענדיג דערמיט דאָס מעהר קיין תורה קען ניט זיין פון גאָט, און ער איז געווען דער איינציגער וועמען דאָס פאָלק האָט געגלויבט, דאָס ער האָט ניט צוגעלייגט, און ניט אַראָפּגענומען פון דער תורה.

את כל הדברים אשר אנכי מצוה אתכם אותו תשמרו לעשות לא תוסיף עליו ולא תגרע ממנו — — — אלה הדברים אשר תדבר אל בני ישראל, לא פחות ולא יותר — אמן.

# דרוש להזכרת נשמות
## (לשבועות)

## געצעהלטע יאָהרען

ימי שנותינו בהם שבעים שנה ואם בגבורות שמונים שנה ורהבם עמל ואון כי גז חיש ונעופה. למנות ימינו כן הודע ונביא לבב חכמה.
(תהלים צ׳).

דער משורר ריהרט אָן אַ טרויעריגע סטרונע אין זיין פידעל. דעם מענשענ׳ס יאָהרען זיינען געצעהלט, זיי זיינען קורץ, ווערען אָפּגעשניטען און פליהען אוועק, דעריבער דאַרפען מיר זיך לערנען ווי צו צעהלען אונזערע טעג, כדי מיר זאָלען קומען צו אַ פאַרשטענדיגונג. דער געזאַנג איז פעסימיסטיש, אָבער דער יאוש ווערט אין אָפּטימיזם פארוואנדעלט. אויב מיר ווילען וויסען ווי צו צעהלען אונזערע טעג און יאָהרען וועלן מיר דאַן פאַרשטעהן ווי וויכטיג ווי אומשעצבאַר יעדער טאָג, יעדער יאָהר איז, און מיר ווילען דאַן אויסנוצען אונזער צייט אויף דער ערד ווי קורץ זי זאָל ניט זיין פול מיט אינהאַלט און ווערדע.

צו צעהלען צייט איז ביי אידען קיין נייעס ניט, יעדער טאָג פון וואָך איז אַ געצעהלטער. אויסער שבת, האָט דער טאָג קיין נאָמען ניט, נאָר אַ ציפער. דער איד צעהלט שמיטה, יובלות, ער צעהלט ספירה „וספרתם לכם״, און קיין בעסערע זאַך ווי צו רעגולירען אונזער לעבען דורך צעהלען קען ניט זיין, ווייל דער לעבען איז צוזאמענגעשטעלט פון סעקונדען, מינוטען, שטונדען, טעג, וואָכען, מאָנאַטען, און יאָהרען, און אויב

יאָהרען פליהען אזוי שנעל ווי סעקונדען האָבען מיר א באַ־גריף פון צייט און ווערדע. הרג'ענען צייט הייסט זעלבסט־מאָרד, די צרה מיט אונז איז וואָס מיר הויבען אָן צו באַגריי־פען די וויכטיגקייט פון צייט, בלויז דאן ווען מיר קומען שוין צו זון אונטערגאַנג, אין דעם הערבסט פון לעבען, דאַן באַדויי־ערען מיר דעם „אבוד ימים" טעג פארלוסט, דאן ווען ס'איז שוין צו שפּעט הערען מיר דעם קרעכץ, ווען כ'וואָלט עס גע־קענט אויפ'ס ניי איבערלעבען מיינע פאַרשוואונדענע יאָהרען, דאן וואָלט איך שוין געוואוסט ווי צו לעבען אויף דער וועלט!

וזכור את בוראך בימי בחורתיך, עד אשר לא יבואו ימי הרעה והגיעו שנים אשר תאמר אין לי בהם חפץ, עד אשר לא תחשך השמש והאור והירח והככבים... ביום שיזועו שומרי הבית... ובטלו הטוחנות כי מעטו וחשכו הרואות בארובות... כי הולך האדם אל בית עולמו", צעהל ספירה אין דער פריה־לינגס צייט פון דיין לעבען, צווישען פסח און שבועות, וועט עס דיר ברייגגען נוצען אויך אין די אַנדערע דריי סעזאָנען פון לעבען, אָבער ספירה אין הערבסט צעהלען איז איבריג, עס וואקסען קיין בלומען, די תבואה, די ארבייט פון לעבען איז שוין אויפגעזאַמעלט. אה, ווארענט קהלת, דערמאָן זיך, דענק פון דיין באַשעפער אין דיין יוגענד, איידער ס'קומען אָן די שלעכטע טעג און די יאָהרען וואָס אינטערעסירען דיר ניט מעהר, איידער די זון ווערט פינסטער, די לבנה און שטערען לעשען זיך אוים, איידער דיינע הענד, פים טרייסלען זיך, איי־דער דיינע מאלערס, ציין פאלען ארויס, פארגעס ניט, אַז די ענדע פון מענשען איז די אייביגע הויז, דאן איז שוין צו שפּעט צו צעהלען.

קהלת זאָגט: וזכור את בוראיך, דערמאָן דיין באַשע־פער! מיר אָבער פארגעסען דעם באַשעפער פון צייט צו צייט, מיר דערמאָנען דעם טאַטען, מאַמען, יזכור אלהים את נשמת... מיר פארבינדען גאָט מיט'ן טויט, מיט'ן קדיש, מיט'ן

אל מלא רחמים, הזכרת נשמות. און איז דאָס ניט דער היפוך פון די טאַטעס און מאַמעס וועמעס נשמות מיר דערמאָנען דאָ איצט? ביי זיי איז גאָט און אידישקייט ניט געווען אַ טויטער גאָט און אַ טויטע אידישקייט, נאָר אַ טייל פון זייער לעבען. די אנשי השרון האָבען תפלה געטאָן שלא יעשו בתיהם קבריהם, זייערע הייזער, זייערע בתי מדרש זאָלען קיין קברים ניט ווערען, אידישקייט איז אַ וועג פון לעבען, די תורה איז אַ עץ חיים, לעבען שטעהט העכער פון טויט, טוב כלב חי מארי המת. ווען שלמה המלך פרעגט די תלמידי חכמים, וואָס זאָל ער פריהער טאָן מטלטל זיין זיין פאָטער׳ס טויטען קערפער אָדער באַזאָרגען מיט עסען די הונגעריגע כלבים זיין טאַטענס. האָט מען איהם געענטפערט „חתוך נבלה לפני הכלבים”, פריהער באַזאָרג די לעבעדיגע, ואביך הנח עליו ככר או תנוק וטלטלו (שבת ל.). ס׳לעבען אפילו פון אַ חיה שטעהט העכער פאר׳ן טויט. ביים צעהלען ספירה מאַכט מען ניט קיין שהחיינו, ווייל ס׳איז אַ צייט פון טרויער אויף ר׳ עקיבא׳ס תלמידים, און אויף „טויט” מאַכט מען קיין שהחיינו ניט. און אַ צווייטער טעם איז, ווייל צייט פאַרשווינדעט גיך, ס׳האָט קיין קיום ניט, און ס׳איז אַ ספק אויב דער צעהלער פאַרשטעהט די וויכטיגקייט פון דער צייט און איהר ווערדע, און אויף אַ ספק איז ניט חל די ברכה שהחיינו.

וספרתם לכם, איהר צעהלט אייערע טעג, און אין דער שטילקייט פון דער נאַכט ווען די שאָטענס ווערען טיפער און טיפער הערט זיך די שטימע פון צעהלען „היום יום אחד”, היינט איז איין טאָג וועניגער פון פסח, דער געבורט פון ישראל אלס פאָלק. היום יום שני, שלישי און אזוי ווייטער, „ויום המות מיום הולדו”, דער טאָג פון טויט הויבט זיך אָן גלייך פון טאָג פון געבורט. אלץ וועניגער טעג אוועק פון דעם יום טוב, פון דער הוליאַנקע פון לעבען. און וואָס טהוסטו מיט די אוועק פליהענדע טעג ווי דער שאָטען פון אַ פויגעל

„כצלו של עוף הפורח באויר"? וואָס וואָלט אונזער ענטפער געווען אויף דיזע פראגען ווען דער צעהלען פון אונזערע טעג וואָלט געקומען צו אַ ענד היינט, פונקט ווי שבועות איז די ענד פון ספירה?

ווען מיר צעהלען ספירה האָט יעדער טאָג אַ באַזונדער אינהאַלט, אַ באַזונדער חן, איין טאָג הייסט „הד שבהד", „נצח", „גבורה", „קדושה", „תפארת" א. אז. וו. שעהנקייט, גלאַנץ, היילינקייט, אייביגקייט. האָבען אונזערע טעג אויך אַזאַ אינהאַלט? וויפיעל פון אונז קענען באַהויפּטען אַז זייערע טעג האָבען היילינקייט, שעהנקייט און גלאַנץ, אונזערע טעג זיינען גרוי און מאנאטאָן, פאַריאָגט און פאַרשמאַיעט נאָכיאָגענדיג שטן'ס און פוסטע ווינד, רודף קדים ורעות רוח ומאום לא ישא בעמלו שיעמול תחת השמש.

„כד דמיך ר' אבוהו הראו לו י"ג נהרי דאפרסמון וכל טוב עולם הבא אמר כל אילן דאבוהו ואני אמרתי לריק יגעתי ולתהו והבל כחי בליתי (בראשית רבא) „ווען ר' אבוהו האָט געהאַלטען אין שטאַרבען האָט ער געזעהן דעם שכר וואָס איהם ערוואַרט אויפ'ן עולם הבא, האָט ער אויסגעשריען אלעם וואָס איך זעה איז פאַר אבוהו און כ'האָב געדענקט, אַז מיין גאַנצען לעבען האָב איך פאַרבראַכט אין גאָרנישט". וויפיעל פון אונז וועלען עס קענען באַהויפּטען ביי זייער זון אונטערגאַנג וואָס פאַר אַ שכר מיר קענען ערוואַרטען, האָבען מיר בכלל וואָס אויסצוקוקען אויף אַ צוקונפט?

כל אילן דאבוהו — דאָס אלעם איז צו מיין פאָטער און מוטער, זייערע טעג און יאָהרען האָבען געהאַט אַ העכערען, אַ הייליגערען אינהאַלט ווי אונזערע, אָבער וואָס קענען מיר זאָגען: „לריק יגענו ולתהו והבל כחנו כלינו", אָפּגעהאָרעוועט אַ לעבען, און פאַר ווענען לאָזען מיר עס אלעם איבער; „ועזבו לאחרים חילם", אפילו אונזערע קינדער אָבער

ווי פרעמד און גייסט זיי זיינען אונז, ווען זיי אַמאָל קומען אין שוהל אונזערע נשמות דערמאָנען?

הזכרת נשמות — ניין, כ׳דענק יעצט ניט פון טויט, כ׳דענק פון „הזכרת החיים״ פון אונזערע לעבעדיגע טעג און יאָהרען וואָס פליהען.

ס׳איז אַ מנהג ביי אידען צו לייענען דעם צווייטען טאָג שבועות די שעהנע מגילה רות. דער טעם איז אַז אין דיזער מגילה ווערט דערצעהלט וועגען דער אורשפרונג פון דוד המלך וועלכער איז געבוירען און געשטאָרבען דעם צווייטען טאָג שבועות.

ווען מיר פייערען דוד המלך׳ס יאָהרצייט האָבען מיר אין זינען אַז דוד מלך ישראל חי וקים, די סטרונעס פון וועמעס פידעל זיינען נאָך ניט געפּלאַצט און וועמעס שירות ותשבחות וועלען געזונגען ווערען אַזוי לאַנג אַ מענשליכע הארץ וועט קלאַפּען פאר אלעם וואָס איז געטליך און שעהן. ס׳איז דאַריבער ניט דער טויט, נאָר לעבעדיגע זכרונות וועלכע מיר פארהייליגען, זכרונות, וועלכע דער טויט קען ניט אָפּמעקען, האָט דען דוד ניט געשוואוירען אייביגע טרייהייט צו יהונתן, אַ געטרייהייט ביז נאָכ׳ן טויט „הנאהבים והנעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו״, און דאָס איז די איינציגע טרייסט, וועלכע מיר שטערבליכע געפינען אין טויט, ווען אַ פאָטער, אַ מוטער, אַ קינד, אַ ברודער אָדער אַ שוועסטער שיידען זיך מיט אונז אויף אייביג, בלייבען זייערע געשטאַלטען איינגעקריצט אין אונזערע הערצער, געשטאַלטען, וועלכע קאָמוניקירען מיט אונז אין גייסט דורך די זכרונות, וועלכע מיר האָבען פון זיי, דורך זייערע מצוות ומעשים טובים וועלכע אינספּירירען אונז זיי נאָכצוטאָן און געהן אין זייערע גוטע וועגען.

די הויפּט פיגורען אין דער מגילה וועלכע מיר לייענען היינט זיינען נעמי, רות און בועז. נעמי, די פרוי פון גע־

וואלדיגעליידען; רות, די העלדין פון איבערנאַטירליכע טריי־הייט און איבערגעבענהייט; בועז, דער מענש פון נאָבעלען כאראַקטער און טיפער רעליגיעזער געזינונג. דורך דיזע נאָ־בעלע פיגורען רעדט די מענשליכע הארץ אַ שפראַך פון טרייסט, האָפנונג און טיפען גלויבען.

ווי אומשאַצבאַר זיינען נעמי׳ם ווערטער צו איהר שנור רות: ברוך הוא לד׳ אשר לא עזב חסדו את החיים ואת המתים (רות ב׳) „געבענשט זאָל זיין גאָט וואָס ער האָט ניט צוגענומען זיין גנאָד פון די לעבעדיגע און פון די טוי־טע״. וואָס פאר אַ חסדים קענען מיר מיט די טויטע טאָן? זיי דארפען צו אונז ניט אָנקומען, מיר קענען זיי גאָר ניט גע־בען, פילייכט אַ טרעהר, אַ זיפץ, אַ קדיש, אַ הזכרת נשמות, איז דאָס אלעס? ניין! מיר קענען אָבער געבען אַ נחת רוח צו די נשמות וועלכע מיר זיינען מזכיר היינט, ביי טאָן חסדים מיט די לעבעדיגע בעבור שאני נודר צדקה בעד הזכרת נשמתם, כ׳בין מנדר צדקה, פאר ועמען? פאר די וועלכע דארפען לעבען און האָבען ניט מיט וואָס צו לעבען, מען דאַרף זיי לערנען, מען דאַרף זיי ערציהען צו פארשטעהן דעם ווערט פון לעבען, פון יאָהרען און טעג וואָס פאַרשווינדען, צו לע־בען אלס אידען, וועמעס תורה איז געגעבען געוואָרען אלס ירושה. תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב — יזכור...

---

# דרוש לשבת חזון

## דער יאָהרצייט

ונסב את הר שעיר ימים רבים — רב לכם סב את ההר הזה, פנו לכם צפונה (דברים ב'). ההר הזה רומי ואין צפוני אלא תורה שנאמר יצפון לישרים תושיה.
(מדרש רבה דברים).

עס איז אין מעשליכען נאַטור צו טרויערען אין דעם יאָהרצייטס טאָג נאָך אַ פאָטער, אַ מוטער אָדער נאָך וועלכען ניט איז געשטאָרבענעם וואָס איז געווען ליעב און טייער. לויט דעם דין איז אַ מצוה צו פאַסטען אינ׳ם טאָג פון יאָהרצייט. דער טרויער איז דער זעלבער אויב די פארשטאָרבענע עלטערען זיינען געווען אָרעם און אין זייער היים האָט גע־סוויסטשעט דער דלות און די קינדער האָבען זיך דערצויגען אין הונגער און קעלט. און עס וואָלט זיין לעכערליך צו פרעגען די קינדער וואָרום טרויערען זיי נאָך אַזעלכע עלטערען וואָס זיינען ניט געווען ביכולת זיי צו פארשאַפען קיין גו־טעס און קיין פארגעניגען, ווייל אָפגעזעהן ווי זייער מאַ־טעריעלע לאגע איז געווען זיינען עלטערען אונזערע בעסטע פריינד אין דער וועלט. אַ פאָטער אַ מוטער, ניט קוקענדיג צי אָרים צי רייך, זיינען די קרוינען פון אונזערע קעפ, ווי דער פסוק זאָגט: תפארת בנים אבותם.

נאָר טיפער איז דער טרויער פון קינדער וועלכע זיי־נען דערצויגען געוואָרען ביי רייכע פאָטער און מוטער, אין אַ היים וואו זיי האָבען גענאָסען אַלדאָסגוטס. און כאָטש זיי האָבען גע׳ירש׳נט אַ רייכע ירושה פון זייער פאָטער, אויף

ווען מען טויט מען דארף, לויט גמרא און פוסקים, מאכען א דאפעלטע ברכה: ברוך דיין האמת, ווי אויך די ברכה שהחיינו, פונדעסטוועגען איז עס אין דעם מענשענס נאטור אז דער טרויער פון אזעלכע קינדער איז נאך פיעל טיפער, ווייל דער פאקט אליין וואס די קינדער זיינען געווען אזוי גליקליך צו האבען עלטערען וועלכע האבען אזוי פיעל און שווער געאר־בייט אום זיי צו באזארגען מיט אלדאסגוטס, און נאך איבער־לאזען פאר זיי א רייכע ירושה, איז נאך מעהר גרונד און אור־זאכע דאס דער יאהרצייט טאג זאל זיין נאך שמערצליכער.

תשעה באב איז דער נאציאנאלער יאהרצייט טאג פון אונזער פאלק. אין יענעם טאג דערמאנען מיר זיך אן דער ליבע מאמע ציון, אן אונזער אמאליגער גלאנץ אין אונזער הייליג לאנד, אן ירושלים די כלילת יופי, אן אונזער רייכ־קייט פון אמאהל, און ווי טראגיש און שמערצליך עס איז די ירידה פון פאלק זייט יענע צוויי תשעה באב'ס, זייט מיר האבען אנגעהויבען צו וואנדערען פון לאנד צו לאנד, מדחי אל דחי. און ווען דער טאג פון תשעה באב קומט פיהלען מיר פונקט ווי דער בית המקדש וואלט חרוב געווארען אין אונזער צייט — „דור שלא נבנה בית המקדש בימיו, כאלו נחרב בימיו", און מיר זיינען זיך נוהג אבלות כמי שמתו מוטל לפניו, אבער דער טרויער דארף ניט זיין קיין געצוואונ־גענער, פונקט ווי מען קען קיינעם ניט צווינגען זיך צו פרעה־ען, ווארום א געצוואונגענער טרויער איז קיין טרויער ניט, דאס זעלבע ווי א געצוואונגענער פרייד איז קיין פרייד ניט. ביי פיעלע פון אונז איז דער טרויער פון די דריי וואכען אן אוי־סערליכער, בלויז אזא מנהג, גיט מען א קרעכץ, מען פאר־גיסט אפשר א טרער, אבער אין הארצען איז מען זעהר ווייט פון פיהלען דאס, עס איז ביי אונז בלויז אן אלטע טראדיציע צו טרויערען אויף דאס וואס איז געשעהן מיט טויזענדער יאהר בעפאר, אדער מיר פיהלען ניט שייכות וואס דאס

האָט מיט אונז אין צוזאַמענהאַנג מיט אונזער לעבען אין גע־גענוואַרט.

ווען מיר לייענען אין דער היינטיגער הפטורה די ביטערע שטראָף רייד פון נביא ווי ער רופט אונז „עם כבד עון בנים משחיתים", ווען מיר הערען ווי משה רבנו באַקלאָגט זיך „איכה אשא לבדי טרחכם ומשאכם וריבכם", טראַכטען פיעלע פון אונז אַז דאָס איז געזאָגט געוואָרען צו די לאַנג, לאַנג פאַרגאַנגענע דורות, אָבער ניט צו אונז, מיט אונז האָט עס גאָר קיין פאַרבינדונג ניט. ניין, פריינדע! דער חורבן און זיינע רעזולטאַטען איז ניט בלויז אַ זאַך פון דער פאַרגאַנ־גענהייט, אזוי גוט ווי די אַלע שטראָף רייד זיינען אויך צו אונז געזאָגט געוואָרען.

עס איז מיר אַלע מאָהל געווען אומפאַרשטענדליך פאַר־וואָס רעדט דער נביא בלשון הווה אין זיין טראגישע שיל־דערונג פון ארץ ישראל, ווי „עריכם שרופות אש ארצכם שממה", און מיר ווייסען אַז אין דער צייט ווען ער האָט דאָס געזאָגט האָבען נאָך אידען געלעבט רוהיג אויף זייער לאַנד. אָבער אין די ווערטער פון נביא ליגט דער געדאַנק וועלכען מיר ווילען ארויסברייננגען, אַז דער שרעקליכער חורבן וואָס איז געשעהן אזוי לאַנג צוריק, געהט נאָך אָן ביז היינטיגען טאָג, און זיינע רעזולטאַטען פאַרפינסטערען אונזער לעבען נאָך עד היום.

די סבות און רעזולטאַטען פון חורבן פיהלען מיר אין יעדער לאַנד וואו מיר געפינען זיך און אין יעדען טאָג פון אונזער עקזיסטענץ. ווי אַ אייביגער קין מיט זיין שאַנדפלעק אויפ'ן שטערען וואַנדערען מיר פון לאַנד צו לאַנד. עס איז ניט קיין צופאַל וואָס די סדרות „מטות און מסעי" פאַלען אוים אין די דריי וואָכען, ווייל דער חורבן פון אונזער לאנד איז געווען דער אָנפאַנג פון אונזער שטענדיגען וואַנדערען, פון אונזער אייביגען אומרוה. די ברכה פון „בני חיי ומזוני"

וואָס אַלע פעלקער געניסען אזוי רוהיג, איז פאר אונז אידען אַ שטענדיגער קוואַל פון עגמת נפש און צער, אונזער ברויט האָבען מיר קיינמאָל ניט געקראָגען דורכ'ן גלייכען, זיכערען און רוהיגען וועג, נאָר פון ווינד און קאָפּ־דרעהעניש, די יורשים פון נבוזראדן און טיטוס האָבען שטענדיג אונזער לעבען פאר־ביטערט.

חז"ל זאָגען „מיום שחרב ביהמ"ק לא נראה רקיע בטהרתו ונגזרה על בתיהם של צדיקים שיחרבו", זיי מיי־נען די ריינקייט פון אידישען קוואַל, די קלאָרקייט פון אידישען געדאַנק איז פארטונקעלט געוואָרען, פארוואָלקענט געוואָרען. ניטאָ מעהר די הימעל קלאָרקייט פון אידישען פאָלק. די אינ־סטיטוציעס פון צדקה וחסד, די בתי תורה ודת וועלכע מיר האָבען מיט אזוי פיעל שווערע מיה געבויט, זיינען צושטערט געוואָרען, ווייל היינט האָבען מיר געבויט און מאָרגען זיינען מיר פון דעם לאַנד פארטריבען געוואָרען, און צום ווינד און פארגעסענהייט איז אונזער ארבייט אַוועק. חז"ל זאָגען „כל שלא נבנתה ביהמ"ק בימיו כאלו נחרבה בימיו", אונזערע בתי המקדש ווערען חרוב יעדען טאָג, און דער טרויער פון ציון איז אונזער היינטיגער טרויער.

אָבער וואָס איז די סבה פון חורבן? „על מה אבדה הארץ"? ניט בלויז וויינען און טרויערען דארפען מיר נאָר אויך פארשטעהן. ירמיה הנביא פאראייניגט די ביידע זאכען אין זיינע קינות. אין איין קינה קלאָגט ער „דרכי ציון האבלות" און אין דער צווייטער פרעגט ער „איכה ישבה בדד העיר רבתי עם", ווער איז דער שולדיגער און פארוואָס איז דאָס געשעהן?

יעדע געביידע, יעדער בנין האָט אַ פּלאַן לויט וועלכען זי ווערט געבויט. איגנאָרירט מען דעם פּלאַן און מען בויט סתם אין דער וועלט אריין, מוז דער בנין איינפאַלען. וואָלטען מיר געבויט אונזער פאָלקס בנין, אונזער נאַציאָנאַל לעבען

לויט דעם פּלאַן וועלכער איז פאַר אונז אויסגעאַרבייט געוואָ־רען, וואָלטען מיר געלעבט אַ תורה־לעבען וואָלט אויף אונז ניט געקומען די אַלע צרות וואָס זיינען אויף אונז געקומען. לאָמיר זיך דערמאָנען וואָס מיר האָבען געלייענט די פאָריגע וואָך אין דער סדרה מסעי, ווי די תורה האָט רחמנות אפילו אויף אַ מערדער און הייסט בויען פאַר איהם „ערי מקלט", ווי די תורה פאַרזאָרגט אויסצוהאַלטען די לויים, די פאָלקס לעה־רער און הייסט בויען פאַר זיי „ערים ומגרשות" ווי די תורה פאַרבאָט אונז מיט די שטרייננגסטע ווערטער ניט אָפּצונאַרען און בע'עולה'ן דעם שוואַכען און אומבאַהאָלפענעם. וואָלטען מיר אָפּגעהיט דעם פּלאַן וועלכען די תורה האָט אונז דאָ גע־געבען ווי צו לעבען, וואָלט דאַן אונזער לעבן ניט אַזוי צובראָ־כען געוואָרען, ווייל דאַן וואָלטען מיר אויף אַ פעסטען און זיכערען פונדאַמענט געבויט.

די סדרה פאַרענדיגט זיך מיט'ן פּסוק „אלה המצות והמשפטים אשר צוה ה' אל בני ישראל בערבות מואב על ירדן יריחו". די תורה זאָגט אונז: ווען איהר נאָכפאָלגען דעם פּלאַן וואָס איך גיב אייך, דאַן קענט איהר בויען אַן איי־ביגען בנין, אַ בנין וואָס וועט קיינמאָל ניט חרוב ווערען, איהר וועט דאַן עקזיסטירען סיי אין דער רייכער זאַטער „ערבות מואב" און סיי אין „ירדן יריחו" דעם מדבר וויסטען ים־המלח טהאָל. ניט רייכקייט און ניט אָרימקייט וועט אייך קענען פאַרניכטען. האָבען מיר געבויט אונזער לעבן אויף די דאָזיגע יסודות? דער ענטפער איז: ניין און ניין! עס האָט געהערשט ביי אונז מחלוקת און שנאת חנם. „קמצא ובר קמצא", „אכילת קורצא בי מלכא", „תרנגול ותרנגולת" האָבען חרוב געמאַכט אונזער לעבען.

משה רבנו אין זיין פאַרביטערונג רופט אויס „איכה אשא לבדי." ישעיהו הנביא פרעגט „איכה היתה לזונה." ירמיה קלאָגט „איכה ישבה בדד." דער „לבדי" און דער

„לזונה״ האָט געמאַכט אַז ירמיה האָט געהאַט צו קלאָגען אויפ׳ן בדד. וואָלטען מיר ניט אַוועק פון דער תורה וועג, וואָלטען ביי אונז קיינע חורבנות ניט געווען. דער חורבן איז ניט געקומען פון דרויסען נאָר פון אינוויינינ, פון אונז אליין. נבוזראדן און טיטוס האָבען בלויז פארענדיגט וואָס מיר האָבען אָנגעהויבען.

אונזער גאנצע געשיכטע ביז׳ן חורבן איז איין גרויסער באַשולדיגונגס־אַקט געגען אונז. אָנשטאָט אויף פעלזען־שטיין האָבען מיר אויף זאַמד און וואסער געבויט. לאנג, לאַנג פאַר׳ן אָפּיציעלען חורבן איז דאָס פאָלק שוין געווען חרוב, פיעל פריהער פאר׳ן לאַנד חורבן איז געקומען דער פאָלקס חורבן. מיר האָבען אַלעס געטאָהן ווי להכעים. אָנשטאָט עבודת הקדש האָבען מיר געדינט אַלע עבודות זרות. מיר האָבען זיך צושפּאָלטען אין פארשיידענע פּאַרטייען און קרייזלאַך. האַס, קריג צווישען ברודער און ברודער האָט ביי אונז געהערשט. אין יומא ל״ט ווערט דערצעהלט: „ארבעים שנה קודם חורבן הבית לא היה לשון של זהורית מלבין ולא היה נר מערבי דולק, והיה דלתות היכל נפתחות מאליהן,״ שוין פערציג יאָהר בעפאָר דעם חורבן זיינען די זינד געווען אזוי גרויס אז קיין זאַך האָט זיי ניט געקענט ווייס מאַכען, קלאָר מאַכען. דער „נר מערבי״ די חכמת ישראל, דאָס ליכט פון אידישען וויסען איז אויסגעלאָשען געוואָרען. די „דלתות היכל״ די טיהרען פונ׳ם היכל האָבען זיך געעפענט פון זיך אליין, ווי זיי וואָלטען זאָגען: קומט אריין, ברייט צועפענט זיינען די טיהרען! אָבער קיינער איז ניט געקומען. אומזיסט האָסטו, היכל, געעפענט דיינע טיהרען.

רבי כי מטא להאי קרא בכי. השליך משמים ארץ תפארת ישראל מאיגרא רמא לבירא עמיקתא. פון הימעל צו דער ערד האָט מען דיר אראָפּ געוואָרפען, און פון דער ערד

אין אָפּגרונד דיך געשליידערט. מיט די אייגענע הענט האָבען מיר אונזער אָפּגרונד געגראָבען. אין סנהדרין צ"ו ווערט דערצעהלט: ווען נבוזראדן איז געקומען מלחמה האלטען מיט די אידען איז ער געקומען מיט פיעל מיליטער און כלי זיין, איז ארוים אַ בת קול און האָט געזאָגט: „למה לך כולהי האי מטא זמנא דמקדש ליחרב." יע, פון די טיפענישען פון פאָלק האָט זיך שוין געהערט אַ לאַנגע צייט פאר'ן חורבן אַז „מטא זמני." דאָס איז אויך דער געדאנק, פאַר וואָס ישעיהו זאָגט בלשון הווה, כאָטש ער האָט געלעבט בימי עוזיהו, יותם, אחז, חזקיהו מלך יהודה, ווען דאָס אידישע פאָלק איז נאָך רוהיג געזעסען אויף זיין לאַנד, און קיינעם האָט גאָר ניט געקענט איינפאַלען אַז דער חורבן איז אזוי נאָהנט. דער נביא מיט זיין וויטען קוק האָט שוין געזעהן דעם חורבן, ער האָט געהערט דעם בת קול פון „מטא זמנא דמקדש ליחרב." דער בת קול וואָס מוז קומען ווען מען זעהט אַ „עם כבד עון", ער זעהט שוין די רעזולטאַטען ווי זיי וואָלטען פאר זיינע אויגען געזעהן, דעריבער זאָגט ער „ארצכם שממה עריכם שרופות אש". ער זעהט שוין דעם בילד פון „אדמתכם לנגדכם זרים אוכלים אותה". דער נביא זעהט די אורזאך מיט'ן רעזולטאַט צוזאַמען, ווייל וואו עס איז „צדק ילין בה ועתה מרצחים" מוז קומען „ונותרה בת ציון כסוכה בכרם כעיר נצורה."

דער חורבן געהט נאָך אָן. אויך איצט וואָלט משה רבנו נאָך אויסגערופען „איכה אשא לבדי טרחכם ומשאכם וריבכם." האָבען מיר דען אויפגעהערט צו זיין טרחנים און בעלי ריב? איז דען איצט דאָ עפּעס אזוינס וואָס קען אונז פאראייניגען אויסער אונטערדריקונג און פאַגראָמען? האָט דען ניט אין אונזער צייט אַ פאָלקס דיכטער געזונגען אין זיין „לבדי" דאָס ליד פון אַ פייגעלע מיט צובראָכענע פליגעלאך וועלכע יאָמערט אין איהר נעסט: אלע האָט דער ווינט אַוועק געטראָגען, אלע זיינען אַוועק געפלויגען, געבליבען בין איך

אליין, אליין. הערט איהר ניט דאָס געוויין פון שכינתא בגלותא, וועלכע יאָמערט אליין, אליין, לבדי... — — —

מיר פרעגען ביז וואנען, ביז וואנען וועט זיך נאָך דער גלות ציהען? דער ענטפער איז: וועלן מיר זעהן וואָס האָט דעם גלות געבראכט, וועלן מיר וויסען ווען ער וועט פאר־שווינדען. צו אלעם ערשט מוזען מיר דאָס פאָלק בויען, דאַן וועט אלעם אויפגעבויט ווערען. צוערשט מוז קומען „מבירא עמיקתא לאיגרא רמא,״ פון „זרע מרעים״ מוז ווערען „זרע ברך ה׳״, פון „בנים משחיתים״ — „וכל בניך למודי ה׳״, דעם ענטפער אויף דער פראגע ווען וועט זיך דער גלות ענדיגען, געפינען מיר אין די פסוקים פון דער היינטיגער סדרה און דאָס וואָס דער מדרש זאָגט אויף זיי:

„ונסב את הר שעיר ימים רבים״ מיר האָבען פארלאָזען דעם הר ציון און געהן פון פאָלק צו פאָלק, פון לאַנד צו לאַנד, מיר בלאָנדזשען ווי שאָטענס אַרום הר שעיר „זו רומי.״ אי־דיש פאָלק! ווי לאַנג נאָך וועסטו בלאָנדזשען „רב לכם סב את ההר הזה״, הערט אויף דעם ווילדען גאנג אַרום פרעמדע קול־טורען, ״פנו לכם צפונה, אין צפונה אלא תורה שנאמר יצפון לישרים תושיה,״ קעהר זיך אום צו דיין אייגען באַרג, געה אויף דיינע תורה וועגען, דאָס איז דער וועג וואָס פיהרט פון גלות צו דער פרייהייט, פון ליידען צו פריידען, בוי צוערשט זיך, דאָס פאָלק, און ער וועט שוין זיין לאַנד בויען.

דער וואָרט חורבן האָט אין העברעאיש צוויי באַגריפען: איין באַגריף פון „פארוויסטונג״ און אַ צווייטען „טרוקען״ ווע־רען. מיר טרויערען איצט אויפ׳ן הורבן ביהמ״ק, זאָלען מיר גלייכצייטיג טרויערען אויף דעם צווייטען באַגריף פון חורבן וועלכער איז געקומען פריהער און איז די אורזאַך פון אונזער גלות, אויף דעם וואָס אונזער גייסטיגער לעבען איז פארטרי־קענט געוואָרען, טרוקען די פאָלקס נשמה, אויסגעטריקענט די גייסטיגע קוואלען פון הייליגען פאָלקס־שאַפען. לאָמיר

עפנען די ריינע קוואַלען פון אידישען שאפען, לאָמיר אָפּפרי־שען אונזערע הערצער מיט זיינע ריינע וואַסערען. דאַן, נאָך די גייסטיגע אויפלעבונג וועט אויך די מאַטעריעלע אויפלעבונג קומען. „כל המתאבל על ירושלים" דער וואָס קלאָגט אויפ'ן חורבן פון דער גייסטיגער ירושלים, ירושלים של מעלה זוכה ורואה עוד בשמחתה.

* *
*

כה אמר ה' קול ברמה נשמע, נהי בכי תמרורים רחל מבכה על בניה מאנה להנחם (ירמיה.)

דער מקונן שטעלט דאָ פאַר אַ בילד ווי די מאַמע רחל, די געטרייע מאַמע, וועלכע האָט אזויפיעל מתפלל געווען פאַר איהרע קינדער, שטעהט אויף אין מיטען דער נאַכט, אין דער טיפער פינסטערניש פון דער נאַכט, און זעהט ווי איהרע קינדער ווערען געפיהרט אין קייטען אין גלות, זי געפינט קיין טרייסט ניט, און זי צעוויינט זיך מיט ביטערע טרעהרען אויף איהרע קינדער וועלכע „זיינען מעהר ניטאָ" דאָס הייסט איהרע טרעהרען דערוועקען ניט קיין אָפּקלאַנג אין די הער־צער פון איהרע קינדער, פונקט ווי די מאַמע שרעקט זיך ווען איהר קראַנקע קינד שרייט ניט אוים מיט קיין געוויין ווען זי זוכט איהם אויפצוועקען, ווייל דער ניט וויינען פון קינד איז אַ סימן דאָס ער איז טויט. אָבער גאָט טרייסט רחל'ען: דיינע קינדער האָבען ניט אויפגעהערט צו טרויערען נאָך זייער מאַמע ציון. יאָהר איין, יאָהר אוים פארגיסען זיי טרעהרען אויף דעם חורבן פון לאַנד און פאָלק, און דער פאַקט אליין דאָס זיי היטען דעם יאָהרצייט פאַר די לעצטע צוויי טוי־זענד יאָהר, איז אַ סימן דאָס ציון און ירושלים זיינען נאָך ניט טויט, ווייל אַ זאַך וואָס איז טויט מוז פארגעסען ווערען, גאָט

האָט גוזר געווען דאָס אַ מת זאָל פאַרגעסען ווערען, „נשכחתי כמת מלב,” און דאָ ליגט די נחמה אין דעם קלעגליכען טרויער טאָג תשעה באב.

און ווי האָפנונגספול קלינגט די פאָלגענדע דערצעה־לונג: וכבר היה רבן גמליאל ור’ אלעזר בן עזריה ורבי יהושע ורבי עקיבא היו עולין לירושלים, כיון שהגיעו להר הצופים קרעו בגדיהם. כיון שהגיעו להר הבית ראו שועל שיצא מבית קדשי הקדשים, התחילו הן בוכין ור’ עקיבא מצחק. אמרו לו מפני מה אתה מצחק? אמר להם: מפני מה אתם בוכים? — אמרו לו מקום שכתוב בו והזר הקרב יומת — ועכשיו שועלים הלכו בו — ולא נבכה? אמר להם לכך אני מצחק. כתוב: „לכן בגללכם ציון שדה תחרש” (איכה ג’); בזכריה כתיב: „עוד ישבו זקנים וזקנות ברחובות ירושלים” עד שלא נתקיימה נבואתו של אוריה, הייתי מתירא שלא תתקיים נבואתו של זכריה, עכשיו שנתקיימה נבואתו של אוריה, בידוע שנבואתו של זכריה מתקימת בלשון הזה. אמרו לו: נחמתנו, עקיבא, נחמתנו.

---

# דרוש לחתונה

## טרויען און גלויבען

וארשתיך לי לעולם, וארשתיך לי באמונה
וידעת את ד׳.

חתונה איז אַ שמחה, עלטערען האָבען דערלעבט זייערע קינדער צו דער חופה פיהרען. צוויי יונגע נשמות פאַראייניגען זיך אויף אייביג, צוזאמען דורכצוגעהן דעם לעבענס מאַרשרוט, זיך צו טיילען חלק כחלק די פריידען און חלילה די ליידען פון לעבען. ס׳איז אָבער אויך אַ ערנסטע שמחה, און איך האָף אַז בעפאָר איהר האָט באַשלאָסען דעם שריט צו מאַכען האָט איהר פריהער גוט נאָכגעדענקט. איהר דאַרפט באַגרייפען אַז אייער שריט איז אַ אייביגער, ניט פאַר אַ טאָג, אַ יאהר, אַ פעריאָד אין לעבען, נאָר ביז דער ענדע, באַשטימט פון גאָט, פון לעבען. איידער איהר זענט צו דער חופה געגאַנגען זענט איהר געווען יעדערער באַזונדער, דער חתן מיט זיינע, און די כלה מיט איהרע עלטערען, אָבער פון דער חופה געהט איהר שוין צוזאמען „על כן יעזב אדם את אביו ואת אמו ודבק באשתו״. ס׳איז אַ געטליכער געזעץ ווי אַ נאַטירליכער, אַז אַ מענש זאָל עלטערען פאַרלאָזען און בויען אַ היים זיך מיט זיין פרוי, אַ נייע וועלט, „חתן דומה למלך״, און לויט׳ן אָנגענומענעם כלל דאַרף זיין „והוא ימשל בה״, דער מאַן דאַרף הערשען איבער דער פרוי, אָבער דער והוא ימשל איז נאָר אַ תוצאה פון גאָט׳ס קללה, צוליעב די נאַרישקייט פון דער ערשטער פרוי חוה, וועלכע האָט זיך געלאָזט פאַרפיהרען פון אַ שלאַנג, אָבער דאָרט וואו די פרוי איז גענוג פאַרשטענדיג און

לאָזט זיך פון קיין שלאַנג ניט פיהרען איז אן אשת „חיל" — „חסד" גנעדיג, אדעל, און ליבעס ווירדיג, „יראה" גאָטספאָרכ־טיג און „למוד" געלערענט האָט שכל, ווי זיך מיט מענשען צו באַגעהן. „חכמת נשים בנתה ביתה", א קלוגע פרוי ווייס ווי צו פיהרען א היים, און ביי אַזאַ פרוי האַלט שוין ניט אויס דער „והוא ימשל", דאן מוזען שויןביידע גלייכע שותפים זיין. „חתן דומה למלך" הערשער זיינען דאָ פארשידענע, אזוינע וואָס הערשען מיט געוואַלד, מיט אַ רוט, מיט שטראָף און דער רעזולטאַט פון אַזאַ ממשלה איז רעוואָלוציאָן. ס'קען אָבער זיין ממשלה מיט ליבע, גוטסקייט, געטרייקייט און אַזאַ ממשלה גע־ווינט די ליבע פון פאָלק. איך וויל אז דו, חתן, זאָלסט הערשען מיט ליבע און אכטונג אין דיין היים, מיט געטרייהייט צו דיין פרוי, וועלכע וועט איצט מאַכען דיין היים. אין תלמוד'ישען אויסדרוק הייסט אַ פרוי „דביתהו" אַ היים.

אַ „היים" איז ניט קיין הויז, אַ הויז ווערט געמאַכט פון האָלץ, שטיינער און ציגעל, מיט שטיינער קען מען זיך אליין צומאָל פארוואונדען, האָלץ קען ברענען, אָבער אַ היים איז גע־שאַפען פון די איידעלסטע, שעהנסטע און מאָראַלישסטע מאַ־טעריאל. איך וויל איהר זאָלט אַ היים בויען „איש ואשה זכו „איש", לא זכו — אש". זיינען מיר מענשליך איז די היים אזוי, ווען ניט איז זי אַ פייער.

אַ מלך, לויט'ן אידישען באגריף שרייבט צוויי תורות אחת שנכנסת ויוצאת עמו ואחת שמונחת לו בבית גנזיו — מיט איין תורה געהט ער צום פאָלק די צווייטע תורה איז פאר זיך אליין. יעדער מענש לעבט אַ דאָפּעלטען לעבען, איינס פאר דער וועלט, אין דער וועלט פון מאַכען אַ לעבען, האַנדעל און וואַנדעל, פון געזעלשאַפט, דאָ צווינגט אָפט דער לעבען צו ווע־רען אַמאָל אויפגערעגט און האַנדלען ניט ווי ס'דאַרף זיין, אָבער די צווייטע תורה איז די וועלכע מיר פראקטיצירען אין אונזער

היים, די תורה דארף זיין נאָבעל, שעהן און מאָראַליש אויפ'ן
העכסטען גראד, דאַן הייסט עס אַ היים.

מזל איז אין גאָט'ס האַנד, כ'וויים ניט, כלה, ווי רייך
דיין מאַן איז, אָבער דאָס דארף זיין דער קלענסטער טייל פון
אַנבעטראַכטען אייער גליק. זעהן מיר דען ניט רייכע ארים-
טאָקראַטישע היימען וועלכע זיינען אַ מאָראַלע רואינע, וואו
גליק האָט קיינמאָל ניט אריינגעדרונגען, עס הערשט אימערצו
קריג און מיספאַרשטענדניש, טוב פת חרבה ושלוה בה מבית
מלא זבחי ריב, בעסער אַ שטיקעל טרוקען ברויטביי שלום;
איידער א הויז מיט כל טוב און מחלוקת. זעהען מיר דען ניט,
היימען וואו ברויט איז אַ לוקסוס און דאָך הערשט דאָרט גליק
און פריעדען. כ'ווינש אייך דאָס בעסטע און שעהנסטע אין
מאַטעריאלען גליק, רייכטום, אַ שעהנע היים מיט כל טוב
אָבער דאָס זאָל אייערע קעפּ ניט פאַר'שכור'ן. „וארשתיך לי
באמונה" גלויבען איז דער שעהנסטער און נוצליכסטער באגריף
אין לעבען, גלויבען האַלט אָן דאָס גלייכגעוויכט אין די מענש-
ליכע געזעלשאַפט ווען מענשען זאָלען פארלירען גלויבען איי-
נער אין צווייטען קען די געזעלשאַפט ניט עקזיסטירן.

צוטרוירען מוז זיין אין ביזנעס, פּראָפעסיאָן אין אלע
מענשליכע בעגעבענהייטען און פערהעלטניסע, צוטרויען איי-
נער צום צווייטען הייסט אַ בונד פון פאָדים און זיידענס גע-
בונדען פון ערליכקייט און ריינקייט. חתן, דיין פרוי פאר-
לאָזט איהרע עלטערען וועלכע האָבען איהר געפלעגט און
מיט אַלעם באַזאָרגט ביז היינט, איהרע עלטערען גיבען איצט
אָפּ דעם גרעסטען טייל פון זייער טרייהייט צו איהר, צו דיר,
זיי געטריי צו איהר פונקט ווי זיי, די עלטערען, זיינען עס.
ברענג קרבנות ווען נויטיג אום זי זאָל גליקליך זיין אין דיין
אָנוועזענהייט, און אויך דו, טייערע כלה, אין בעצוג צו דיין
מאַן, אויך ער פארלאָזט זיינע עלטערען און מאַכט זיין היים
מיט דיר, איך וויל אז ווען דיין מאַן קומט אהיים נאָכ'ן שווע-

רען טעגליכען קאַמף פאר עקזיסטענץ אין דער אויסערליכער וועלט, זאָל ער זיך געפינען אין דער אנוועזענהייט פון אַ לי־בעסווירדיגע פרוי אום צו קריגען מוטה און ענערגיע פאר׳ן קאַמפף צום מאָרגענדיגען טאָג.

כ׳זעה, כלה, דו טראָגסט אַ „בלומען בוקעט", יבש חציר נבל ציץ ודבר ד׳ יקום לעולם, בלומען ווי שעהן זיי זאָלען ניט זיין ווערקען, אָבער גאָט׳ס וואָרט איז אַ אייביגקייט. די מאָ־טיווען וואָס האָבען אייך אינספירירט צו געהן צו דער חופה דארפען אָנהאַלטען אייביג, אייער צוזאמענלעבען דארף זיין אנ׳אייביגער „האָני מון". און לאָמיר האָפען אז אין עטליכע צענדליג יאָהרען פון יעצטיגער הייליגער מינוט, ווען איהר וועט פייערען אייער גאָלדענע האָכצייט וועט איהר זיין אזוי יונג אין גייסט און טיילען די זיסקייט פון לעבען ווי איהר זייט עס איצט.

יש קונה עולמו בשעה אחת, ס׳גיבען אין לעבען גע־וויסע מאָמענטען וואָס זיינען צו אונז אַ גאַנצען לעבענס וויכ־טיגקייט. גליק קלאַפּט איינמאָל אין אונזער טיר, און גליק־ליך זיינען די וואָס ווייסען ווי אויסצונוצען די געלעגענהייט, די מינוט ווען מיר שטעהען אונטער דער חופה איז פילייכט די וויכטיגסטע פון אלע מינוטען אין אונזער לעבען.

וידעת את ד׳ און דו זאָלסט וויסען גאָט, אייער צוזא־מענלעבען איז לויט דער אידישער השגה פאָראויס באַשטימט פאר אייך, נאָך פאר אייער געבורט ארבעים יום קודם יצירת הולד בת קול מכרזת ואומרת בת פלוני לפלוני, אַ געטליכע שטימע פראקלאמירט די באַשטימונג פון פאָר, און וואָס גאָט האָט באַשטימט קען דער מענש ניט צוברעכען, אָבער כ׳וויל איהר זאָלט וויסען, העכער פאר אלע געזעצען איז דער געזעץ וואָס מיר מאַכען אליין, ס׳איז דער געזעץ פון אונזער געווי־סען, און פארברעכען מיר געגן אונזער געוויסען פלאָגט ער אונז שרעקליך. וידעת את ד׳, דער אויסדרוק איז אין לשון נקבה,

ס׳מיינט דער פרוי, אז איהר היים זאָל זיין אַ גאָט׳ס הויז, אַ היים וואו ס׳וועלען געהיט ווערען שבת, יו״ט, ליכט בענשען כשרות, תפלה, דער טיש זאָל זיין אַ מזבח, זה השלחן אשר לפני ד׳, הייראַט פיהרט צו פאַמיליען לעבען און דער אידישער פאָלק קוקט אויף אייך און ווילען אייער היים אַ אידישע, דורכ־אוים אידיש. יתן ד׳ את האשה הבאה אל ביתך כרחל וכלאה אשר בנו שתיהן את בית ישראל ועשה חיל (רות ד׳).

הערצליכען מזל טוב אייך און אייערע עלטערען, כ׳וויל אַז די עלטערען זאָל ניט אַנערקענען אייך אלס שנור און איי־דעם, ס׳איז צו איינפאך, „זון און טאָכטער״ זאָל אייערע נע־מען זיין ביים צווייטען צד, אַנערקענט אייערע „קינדער״ פאר „קינדער״, טרייע, ליבע, אָבער ניט „שנור״ און „איידעם״.

דער רינג, טבעת קדושין איז רונד, אזוי איז די ערד אויף וועלכער מיר לעבען, רונד, איהר געהט צוזאַמען האַנד אין האנד אויף דער וועלט אין ליבע געפיהל און טרייהייט — זאָל אייך זיין מיט גליק.

ברוכים אתם בבואכם וברוכים אתם בצאתכם.

---

# דרוש לחתונה

## גן עדן אָדער גיהנום

מימי לא קראתי לאשתי — אשתי, אלא
לאשתי — ביתי. (**שבת קי"ח**).

עס איז פאראן אַ שפּריכוואָרט: „אַ מאַן איז דאָס וואָס זיין ווייב וויל ער זאָל זיין". אמת, עס גיבען טאַקע פעלע, וואו דער מאַן קאָנטראָלירט די לאגע, אָבער נאָך אַלעמען מוז מען צוגעבען דאָס די פרוי איבט אוים איהר איינפלוס אין איהר היים. און די היים צייגט וואָס פאר אַ טעמפּעראַמענט די פרוי באַזיצט: צו איהר כאַראַקטער איז שטורעמדיג אָדער שטיל, רוהיג און ליעבענסווירדיג. איהר איינפלוס עסט זיך איין און בעהערשט דעם מאַן'ס לעבען, ענטוועדער ווי דער פריהלינגס-זעפיר און זומערדיגע וואַרעמע זונשיין, אָדער ווי דורכדרינגענדע קאַלטע גרויע הערבסט-רעגענס, אָדער דער בייסענדער פראָסט פון ווינטער. דער מאַן איז דאָ הילפלאָז. פיעלע מענער ווערען אַ דורכפאל אין לעבען, ווייל עס פעהלט זיי אַ צאַרטע היים-אומגעבונג. זיי פערלירען דעם מוטה און האָבען קיין בעגייסטערונג אין קאמפף מיט'ן לעבען.

פויגלען בויען זייער נעסט צוזאַמען פון גראָז און ווייכע צווייגען, וועלכע זיי בויגען אוים רונד, דאן בעדעקען זיי עס מיט פעדערען און ווייכע גראָזען. איידער די געביידע ווערט פאַרהאַרטעוועט, גלעטען די פויגלען דאָס נעסט מיט זייערע הערצער, און דאָס מאַכט פאַר זיי אַ באַקוועמע היים, אויך אַ מענשליכע היים ווערט געבויט דורך די נאָבעלסטע געפיהלען און פיינסטע סענטימענטען פון מאַן און פרוי.

עס גיבען צוויי טיפען פרויען: איין טיפ רעפרעזענטירט די פרוי וועלכע בויט איהר נעסט ווי א פויגעל, מיט הארץ און געפיהל. א הייליגטהום הערשט אין איהרע פיער ווינקלען. זי אנערקענט ניט איהר הויז ארבייט אלס געצוואונגענע פליכ־טען, נאר זי טהוט עס מיט שמחה. זי אנערקענט איהר מאן אלס איהר אייביגען לעבענס באגלייטער, איהר בעסטען פריינד, צו וועמען זי האט אנפארטרויט איהר צוקונפטיגען לע־בען. אויך אנערקענט זי איהר מאן, אלס דער פאטער פון איהרע קינדער, ווי א גלייכען שותף. זי גיט אכטונג אויף איהר היים און איהרע קינדער. קיין גרעסערער גליק אויף דער וועלט קען גאר ניט זיין. „מצא אשה מצא טוב ויפק רצון מאתה”, דאס איז א גאט'ס מתנה מיט וועלכער זעהר ווענינ זיינען געבענשט. דער ארבייטס־טאג איז פאר דעם מאן אנגענעהם, די ארבייט איז לייכט, און דער קומען אהיים איז אזוי הערצליך און הערליך ווי דאס צוריקקעהרען זיך פון א ווייטער נסיעה.

עס גיט אבער איין אנדער טיפ פרוי, וועלכע איז תמיד ווי א פייער שפייענדער בארג, א וואולקאן, פון וועמעס מויל עס גיסען זיך שוועבעל און פעך. א פרוי, וועלכע איז פרעמד צום מאן און דער מאן צו איהר. א געפיהל פון האס ענטוויקעלט זיך צווישעןביידע, וועלכע וואקסט אויס און צייטיגט זיך אין נקמה פון איינעם צום צווייטען. דאס הייסט „האדעווען א שלאנג אין דיין אייגענעם בוזים” — משכבת חיקך שמור פתחי פיך” — היט זיך פון אזא פרוי, זי וועט דיך בעטריגען. דאס איז איין אינערליכער שונא, זי וועט זיך ניט אבשטעלען פאר קיין זאך אום דיך צו ערנידריגען, פאר'מסר'ן, זי וועט דיך פארפרעמדען פון דיינע אייגענע קינדער דו וועסט זיך פיהלען ווי אן איבעריגער אין דיין איי־גענער היים, דו וועסט בכלל קיין היים ניט האבען, און דו ביזט דער אומגליקליכסטער אין דער וועלט. א מענש אהן

אַ היים, איז ווי אַ מענש אָהן אַ לאַנד. דיין ארבייט וועט זיין אַ געצוואונגענע און ניט־אַנגענעהם, מיט איינעם וואָרט, דו ביזט אַ דורכפאַל.

הכמת נשים בנתה ביתה ואולת בידיה תהרסנו (משלי י״ד) — אַ קלוגע פרוי בויט אַ היים, אַ נאַרישע — צושטערט עס. אָט דאָס איז דער איינטערשיעד פוןביידע טיפען.

ר׳ יהושע פון סכנין האָט ווארשיינליך גוט פאַרשטאַנען די ווערדע פון אַ פרוי צו איהר מאַן. ער זאָגט: „כשבא הקדוש ברוך הוא לבראות את חוה מן האדם היה מתבונן מהיכן לבראות אותה, שנאמר: ויבן ה׳ אלהים את הצלע״ — ווען דער כביכול האָט געהאַלטען ביים באַשאַפען די ערשטע פרוי חוה, האָט ער לאַנג געטראַכט פון וועלכען פסיכאָלאָגישען מאַטעריאַל ער זאָל באַשאַפען די פרוי, און אויסטייטשענדיג דעם וואָרט „ויבן״ — אַלם הבנה — זיך אריינקלעהרען, זאָגט ר׳ יהושע: דער כביכול האָט זיך געקלעהרט: „לא אברא אותה מן העין, שלא תהא עינה רמה״ — זאָל איך איהר באַשאַפען פון אויג — איז אַ מורא דאָס זי וועט קוקען צו הויך, זי וועט פערלאַנגען זאכען וואָס דער מאַן וועט איהר ניט קענען פאַרשאַפען, און ווידער זי וועט מעגליך קוקען אויף דעם מאַן איהרען פון אויבען אַראָפּ, ניט ווי אַ גלייכער שותף, „ולא מן האוזן״ שלא תהא ציתנית, זאָל איך איהר באַשאַפען פון אויער — איז אַ מורא דאָס זיך וועט זיך צופיעל צוהערען צו שכנים און זייערע פליאָטקעס, צו איהרע גוטע פריינד אָדער צו פרעמדע, אפילו פון איהרע אייגענע עלטערען, שוועסטער און ברידער, וועלכע מישען זיך אריין אין זייער צוזאמענלעבען און צושטערען דעם שלום בית. „ולא מן הפה, שלא תהא דברנית״ — ניט פון מויל, כדי זי זאָל צופיעל ניט באַנוצען זיך מיט׳ן צונג, ווי ס׳איז געשריבען, אַז עשרה קבין שיחה ירדו לעולם, תשעה נטלו נשים ואחד כל העולם כולו —

צעהן מאָס רייד זיינען אראָפּ אויף דער וועלט, און ניין מאָס האָבען זיך גענומען די פרויען, היינט ווי וואָלט שוין געווען ווען די פרוי וואָלט באַשאַפען געוואָרען פון מויל — דאַן וואָלט געווען נאָר אונערטרעגליך; „ולא מן הרגל שלא תהא פרדניתא" — ניט פון פוס, כדי זי זאָל ניט זיין קיין ארומלויפערקע, כל כבודה בת מלך פנימה, ווען ניט איז הומה היא וסוררת, בביתה לא ישכנו רגליה, צופיעל סאָסייעטי ליידי אויף דעם חשבון פון איהר היים.

„מהיכן אברא אותה"? אָבער פון וועלכען גליעד, נאָך אַלעמען, זאָל איך איהר פאָרט באַשאַפען, טראַכט דער רבונו של עולם — „מן האבר הצנוע שיש בו, מן הירך" — איך וועל איהר באַשאַפען פון דעם באַשיידענסטען טהייל, פונ'ם ריפּ. די ריפּען זיינען דער יסוד פון גאַנצען קערפּער, און דאָך ווי באַשיידען. אַ פרוי איז דער יסוד פון דער משפחה, און די משפחה איז דער יסוד פון לאַנד, אָדער פון דער גאַנ־צער מענשהייט (דברים רבה, תצא י"א). אויך ר' יוסי האָט אזוי פאַרשטאַנען די ווערדע פון אַ גוטער פרוי, ער האָט ניט גערופען זיין פרוי אשתי — מיין ווייב, נאָר ביתי — מיין היים. יוסי דער תנא האָט ווירקליך געמוזט האָבען אַ זיסען און גליקליכען היים־לעבען, דאָס זיין פרוי האָט זיך דער־דינט צו אַזאַ הייליגען נאָמען, ווי „מיין היים" —

„אין הברכה מצויה בביתו של אדם אלא בשביל אשתו" (בבא מציעא, נ"ט). אַ היים הייסט ניט דוקא בלויז ווענט און מעבעל, הגם אשה נאה וכלים נאים מרחיבין דעתו של אדם, אָבער וויפיעל פרויען האָבען עס צושטערט זייער אייגען שלום בית צוליעב „פוירניטשור", דאָס מיינט די יע־ניגע וועלכע האַלטען זייער פוירניטשור אזוי הייליג, ווי אַ איד האַלט פון ארון־קודש — און זיינען בערייט צו מאַכען סקאַנדאַלען ווען דער מאַן פאַרנאַכלעסיגט אַמאָל אין זייער שמירה, הגם ער האָט קיין כונה חלילה להזיק.

איך האָב דאָ פּיליכט צופיעל מוסר געזאָגט דער כלה, ווייל איך אַנערקען איהר אלס דעם וויכטיגערען טייל פון דער שותפות, ווייל די היים און די משפחה זיינען דער הויפּט ציעל פון דער הייראט. אָבער אויך דו, מיין ליבער חתן, זיי וויסען, דאָס מיר לעבען אין א וועלט פון „גיב און נעהם", אויב דו ערוואַרטסט געטרייהייט, מוזטו אויך געבען טריי־הייט. אויב דו וועסט זיין צופיעל ארייננעטאָהן אין דיין אר־בייט אָדער געזעלשאַפטליכקייט, און וועסט דאדורך פאַר־נאַכלעסיגען דיין פרוי, זיי וויסען, דאָס גאָט וועט זיך צוהע־רען צו איהר שמערץ און פיליכט טרעהרען, און די שטראָף וועט זיין אַ שרעקליכע. קוק ניט אויף אויסערליכע שעהנ־קייט, שקר החן והבל היופי — אשה יראת ה׳ היא תתהלל, אויך שלאַנגען האָבען אַ געוויסע אַרטיסטישע שעהנקייט". — נחות דרגא ונסיב אתתא" — קוק ניט אויף יחוס, נאָך אַלעמען, וועסט דאָך דורכגעהן די וועלט מיט דיין פרוי און ניט מיט איהר משפחה. „שמח תשמח רעים האהובים כשמחך יצירך בגן עדן מקדם" — פונקט ווי אדם און חוה, איידער זיי האָ־בען זיך צוגעהערט צו דער שטימע פון שלאַנג, איז זייער לע־בען געווען אַ גן עדן, איין אייביגער פריהלינג, אזוי זאָלסטו זיך ניט צוהערען צו דעם פליסטערנדען שלאַנג, הער זיך בעסער צו צו דער גוטמוטהיגער פריינדליכער שטימע פון דיין פרוי. דו ביזט פיליכט געבילדעט און אַ גוטער ביזנעס מאַן, אָבער פאַרגעס ניט, דאָס אַ פרוי האָט אַ בעסערע אינטואציע אַלס אַ מאַן. בעראַט זיך אָפט מיט דיין פרוי, בעהאַלט ניט פון איהר קיינע סודות, דיין לעבען, דיין טראַכטען, דאַרף זיין איין אָפענער בוך פאַר איהר. מנוח איז פיליכט געווען אַן עם הארץ, אָבער ער האָט געוויס געהאַנדעלט ריכטיג שהלך אחר אשתו — ער האָט געפאָלגט זיין פרוי.

אדם און חוה זיינען געווען די איינציגע פאָר. אדם האָט ניט געוואוסט פון קיין אַנדער פרוי. אויך דו, מיין ליבער

חתן, דאָס איז די איינציגע פרוי אין דער וועלט וועלכע דו דאַרפסט וויסען און קענען, און דער זיווג וועט מיט גאָטעס הילף עולה ליפה זיין.

און אייך, ליעבע עלטערען און משפחה, וויל איך אָב־געבן אַ מזל טוב ווי פאָלגט: דער תלמוד דערצעהלט פון איין וואנדערער אין אַ ענדלאָזען מדבר, טעג און נעכט האָט ער געוואנדערט אין דעם ברענענדען זאַמד, אָהן אַ פּלאַץ וואו זיך אָבצורוהען, אָהן אַ טראָפּען וואסער אָפּצופרישען זיינע פאַרטריקענטע ליפּען. פּלוצלונג איז ער געקומען צו איין אאזיס, אַ אינזעל אין דעם וויסטען מדבר. ער האָט געגע־סען די פרוכט פון דעם פאַרצווייגטען, פרוכטבאַרען בוים, האָט זיך דערקוויקט מיט די פרישלויפענדע וואסער און אויס־גערוהט די פאַרמאַטערטע גלידער. די צייט פון אָבשיעד איז געקומען, און קוקענדיג אויפ׳ן בוים, זאָגט ער: „אילן, אילן במה אברכך״? בוים, אַ בוים, מיט וואָס זאָל איך דיך בענשען בעפאָר מיין אָבשיעד. זאָל איך דיר בענשען מיט פרוכט? — דיינע פרוכט ערפרעהען דאָך די הערצער פון וואנדערער. — מיט צווייגען און בלעטער? — דיינע גרינע בלעטער גיבען דאָך שאָטען און שוץ צו דעם מידען וואנדערער. — מיט פרישע וואסער? אָט פליסט דאָך אַזאַ פרישער קריסטאַלענער וואַ־סערעל צו דיינע פיס! — אלא יהי רצון שיהיו נטיעותך כמותך! — זאָל גאָט געבען דאָס דיינע פלאַנצונגען, דיינע פרוכט, זאָ־לען זיין אזוי ווי דו — אויך זיי זאָלען געבען שוץ און ער־פרישונג צו דעם מידען מדבר־וואנדערער.

אָט אַזוי ווינש איך אויך אייך — זאָל גאָט געבען דאָס אייערע פלאַנצען — אָט דיזע יונגע צווייגען פון אייער שטאַם זאָלען זיין אין אייך געראָטען, זיי זאָלען לעבען אַזאַ גליקליכען לעבען ווי איהר לעבט און זיין אַזוי געבענשט ווי איהר זייט — זאָל גאָט געבען איהר זאָלט האָבען פיעל נחת פון זיי — אמן!

# דרוש לבר מצוה

## פאַר די זינד פון די עלטערן

אין דער אַלטער אידישער ליטעראַטור, נעמליך, אין די תשובות הגאונים וועלכע האָט זיך אָנגעהויבען מעהר ווי אַ הונדערט יאָהר שפּעטער נאָך חתימת התלמוד, געפינט זיך אַ שעהנער משל, וועלכער איך דענק איז פּאַסיג פאַר דיזע געלעגענהייט. דער משל איז ווי פאָלגט: דער לייב האָט אַמאָל באַגעגענט דעם פוקס און האָט איהם געזאָגט דאָס ער איז זעהר הונגעריג און האָט בדעה איהם אויפצועסען, גלייך אויפ'ן שטעל. אַ דערשראָקענער האָט דער פוקס אָנגעהויבען צו בעטען ביים לייב טענה'ענדיג דאָס ער איז צו קליין און צו מאָגער דאָס ער זאָל קענען זעטיגען מיט איהם זיין הונגער. איך וועל דיר אָבער געבען אָט די עצה: אויב דו ווילסט עסען פעטע פלייש, זעהסטו, דאָרט שטעהען יענעם, ער איז הויך, פעט און דיק, געה געשווינד און נעהם איהם.

דער לייב האָט איהם אָבער געענטפערט דאָס עס איז ניט ערלויבט צו עסען אַ מענשען, האָט דען ניט גאָט פאַרזאָגט אין זיין תורה: „ומוראכם וחתכם יהיה על כל חית הארץ"? ווי אזוי קען איך טאָהן אַזאַ נבלה און זיך דאָמיט פאַרזינ-דיגען פאַר גאָט?! ענטפערט איהם דער פוקס: דו קענסט ניט יוצא זיין פאַר אַלעמען. דו ווילסט עסען פלייש און אויך יוצא זיין פאַר גאָט. אויב דו ווילסט ממלא זיין דיין תאוה, מוזטו דיזען מאָל עובר זיין אויף גאָט'ס געבאָט. „איך וועל דיר זאָגען דעם אמת" — ענטפערט דער לייב — „איך וואָלט שוין גאָר ניט געווען אזוי פרום ווען איך וואָלט ניט מורא גע-

האָט פאַר אַ באַלדיגער שטראָף". — „נאָר איינער וואָס דו ביזט" — זאָגט צו איהם דער פוקס — „דענקסט דען דאָס פאַר איין עבירה באַשטראָפט מען גלייך, עס וועלען אוועקגעהן יאָהרען און יאָהרען ביז די שטראָף וועט געשעהן, און ניט דו וועסט באַשטראָפט ווערען, נאָר דיינע קינדער און קינד'ס קינדער וועלען קריגען די שטראָף" —

דער לייב האָט זיך געלאָזט איבעררעדען, האָט גע־כאַפּט זיינע פיס און איז געלאָפען צום מענשען, וועלכען דער פוקס האָט איהם אָנגעצייגט. דער מענש איז אָבער גע־שטאַנען נעבען אַ טיפע גרוב, וועלכע איז געווען פאַרדעקט מיט שטרוי. דער לייב לויפענדיג מיט אימפּעט צו אַטאַ־קירען דעם מענשען, איז ארייגעפאלען אין גרוב און האָט זיך צובראָכען רוק און לענד. דער פוקס איז צוגעקומען צו דער גרוב זיך האַלטענדיג ביי די זייטען און קייכענדיג פון געלעכטער. הערט ער ווי דער לייב שרייט ארוים צו איהם פון גרוב, דו מנוּבל, דו האָסט מיר אייגערעדט דאָס איך וועל ניט גלייך באַשטראָפט ווערען, איך האָב נאָך די עבירה ניט באַגאַנגען, און בין שוין גלייך באַשטראָפט געוואָרען!!

„ניין" — ענטפערט דער פוקס, ניט אויף דיזען פאַר־ברעכען וועלכען דו האָסט יעצט געוואָלט באַגעהן ביזטו באַשטראָפט געוואָרען, דיין פאָטער האָט אַמאָל אויפגעפרע־סען אַ מענשען, און פאַר דיין פאָטער'ס עבירה האָסטו יעצט גע־קראָגען די שטראָף. „פאַרוואָס זאָל איך ליידען פאַר די זינד פון מיין פאָטער" — האָט דער לייב אויסגעשריען — „וואָס בין איך שולדיג"? „אזוי גאָר" — ענטפערט דער פוקס מיט אַ בייסענדען סארקאזם, און פאַר וואָס האָסטו זיך געלאָזט איבערעדען, און ביזט געווען בערייט צו באַגעהן אַ פאַרברע־כען אויף דעם סמך, דאָס ניט דו, נאָר דיינע קינדער וועלען די שטראָף קריגען פאַר דיינע זינד. דאַרויף האָסטו איינגע־

שטימט. ווייל דו ביזט אָבער דיין טאַטען׳ס אַ קינד, מוזטו יעצט ליידען פאר די זינד פון דיין פאָטער.

דו, מיין קינד, וועסט ניט דארפען ליידען פאר די זינד אָדער נאַכלעסיגקייט פון דיינע עלטערן, זיי האָבען דיך ער־צויגען און געגעבען אַ גוטע היים, ניט שפּאָרענדיג קיין מיה דיך אויפצוברענגען אלס איד און מענש, דו האָסט זיך גאָר־נישט וואָס צו באַקלאָגען אויף אונז, אָבער וויפיעל קינדער אין דיין עלטער ליידען צוליעב דעם פארברעכען פון זייערע עלטערן, וועלכע האָבען געלאָזען די אייגענע קינדער זיך אויפ־האָדעוען אויף גאָט׳ס באַראָט? „אור לארבעה עשר בודקים את החמץ״, זיי הויבען אָן צו טראַכטען וועגען זייער קינד אַ קורצע צייט פאר בר מצוה, ערב דעם פערצענטען יאָהר, דאן הויבט מען אָן קלעהרען ווי ארויסצוראמען דעם אָנגע־קליבענעם חמץ פון די פריהערדיגע יאָהרען, מען דארף דאָך עפּעס זיין מיט לייטען גלייך און פראווען אַ בר מצוה פּאַרטיי, אזוי גלייך אָבער ווי דער לעצטער קלאַנג פון דער הפטורה פאַרשווינדעט, זאָגט שוין דער פאָטער „ברוך שפטרני״, גע־לויבט זאָל זיין דער זוהן, ער האָט שוין אָבגע׳מפטיר׳ט און חסל. אָט אין דעם באַשטעהט די גאנצע אידישקייט, און ווען דער זוהן וואַקסט דאן אויס, איז ער ניט צו גאָט און ניט צו לייט, עפּעס אַ סאָרט פארזעהעניש. ווענמען׳ס שולד איז דאָס?

און פונקט ווי דער לייב טענה׳ט ער — ווארום זאָל איך דאַרפען ליידען צוליעב דער נאַכלעסיגקייט פון מיינע על־טערן, ווייל „פוקד עון אבות על בנים״, די זינד פון די על־טערן ווערען באַזירט אויף זייערע קינדער.

אויך דיין פאָטער האָט געמאַכט די ברכה פון ברוך שפטרני, אָבער מיט איין אַנדער אינהאַלט. שטעהענדיג נע־בען דער תורה און זעהענדיג דיך ארויפשטייגען די בימה צו מאַכען די ברכות אויף דער תורה, האָט זיין גוטע הארץ גע־ציטערט, פיליייכט האָט ער ניט גענוג יוצא געווען פאר דיר,

אָדער ניט גוט אַכטונג געגעבען אויף דיר, און מיט אַ ציטער־
דיגע הארץ האָט ער זיך געפרעגט: „מה טיבו של עובר זה" —
וואָס וועט זיין צוקונפט זיין, וועלען מיר, דאָס הייסט, איך און
דיין מאַמע האָבען נחת און כבוד פון דיר, אָדער חלילה וחס
שאַנדע און ביושים? מה יאמרו הבריות, וואָס וועלען מענ־
שען טראַכטען פון דיר, מיין קינד? וועסטו חלילה דארפען
לײדען ווייל טאָמער האָבען מיר ניט געטאָן אונזער חוב צו דיר?
אָבער איך וויל, מיין קינד, דו זאָלסט איבערצייגען דיינע על־
טערן און זאָגען צו זיי: „האָט קיין מורא, איהר קענט ביידע
זאָגען מיט אַ ריינעם געוויסען ברוך שפטרני מענשו שלזה" —
ניט איהר וועט דארפען חלילה ליידען צוליעב מיר, פאר־
קעהרט, איך וועל אייך פארשאַפען כבוד און פרייד, און ניט
איך וועל דארפען ליידען צוליעב אייך ווי אנדערע קינדער
צוליב די נאַכלעסיגקייט פון זייערע עלטערן. מיין ליעבע
מוטער און געטרייער פאָטער, איהר האָט מיך ניט פערנאַכ־
לעסיגט, איהר האָט מיך געגעבן אַ ליעבע, זיסע היים,
אויף מיר געוואכט בעינא פקיחא, מיך געשיקט לערנען תורה,
איהר האָט מיך געציינט דעם ריכטיגען וועג אלס איד און
אלס מענש, ועוד ידכם נטויה, איהר פערנאַכלעסיגט מיר נאָך
ניט, איך וועל ניט אויפהערען לערנען. „ברוך שפטרני
מענשו שלזה" — איהר קענט עס זאָגען מיט'ן פולען הארצען,
ביז יעצט זייט איהר, מיינע עלטערן געווען מאָראַליש פאר־
אַנטוואָרטליך פאר מיר, איהר האָט אייערם אויסגעפיהרט
אויפ'ן גלענצענדסטען אופן. ביז יעצט בין איך געווען געגלי־
כען צו אַ וואקסענדער פרי, און איהר מיינע עלטערן זיינען
געווען די שומרים לפרי, און לויט דעם אידישען דין ווערט
דער שומר געהאַלטען פאראַנטנוואָרטליך אויב די פרי ווערט
פאַרדאָרבען, ווייל ס'איז אַ סימן, דאָס דער שומר האָט ניט ריכ־
טיג געטאָהן זיין ארבייט צו באַוואָהרען די פרי, אָבער יעצט,
ווען איך בין שוין אויסגעוואַקסען, און איך בין אַ חי נושא את

עצמו — אַ מענש, זעלבסטשטענדיג, זייט איהר שוין מעהר פאר מיר ניט פאראַנטוואָרטליך". (עיין מגן אברהם א"ח „הלכות ברכות", רכ"ה, וז"ל: „מעונשו של זה, פירוש דער עכשיו נענש האב כשחטא הבן בשביל שלא חנכו, ובלבוש פ' איפכא דעד עתה הבן נענש בעוון האב"), אַט אזוי דאַרפסטו יעצט רעדען צו דיינע עלטערען און דאַמיט וועסטו פארגרע־סערען זייער שמחה.

געדענקסט אין דעם משל פון פוקס מיט'ן לייב? זאָגט דער פוקס דאָס מען קען ניט יוצא זיין פאר גאָט און פאר זיך, אויב מען וויל עסען פעטע פלייש דאַרף מען פארבויגען אויף גאָט. ניין, מיין קינד, דאָס איז ניט אמת, עס איז פוקסישע מאָראל, מען קען עסען פעטס, מען קען האָבען די שעהנסטע היים, מען קען האָבען פון דאָס שעהנסטע און בעסטע, און דאָך פארבלייבען אַ גוטער, פרומער, עהרליכער איד.

דערוויל זיינען מיר אידען אין אמעריקא נאָך אלץ די פרייעסטע בירגער אין דיזען פרייעסטען גאָט געבענשטען לאַנד. קיינער צווינגט אונז דאָ ניט עובר צו זיין אויף אונזער תורה. זעהען מיר דען ניט ביישפילע פון אידען, וועלכע האָ־בען זיך דערהויבען אויף אַ הויכען מצב אין דער געזעלשאַפט און צו גלייכער צייט זיינען זיי אויך איבערגעבענע, טרייע אידען? נעהם דיין אייגענעם פאָטער אלס ביישפיעל, ניט צו פארזינדיגען, א חוץ זיין שאָדען אויף אונז געזאָגט, דאָך זעה ווי געאַכטעט ער איז ביי אלעמען. קוק זיך גוט צו צו זיין אידישען פיהר און שטאַאַט. די שוהל איז זיין צווייטע היים, די תלמוד תורה איז זיין ליעבלינג, די תורה איז זיין וועג־ווייזער, האָט ער עפעס אָנגעוואוירען צוליעב זיין אידיש־קייט? אויך די אויסערליכע גוי'אישע וועלט רעספּעקטירט דעם איד וועלכער איז איבערגעגבען צו זיין אידישקייט און היט אָפּ די פאָרשריפטען פון זיין רעליגיאָן. „וראו כל העמים כי שם ה' נקרא עליך ויראו ממך", ווען די אויסערליכע וועלט

וועט זעהן דאָס דו טראָגסט אויף זיך דעם נאָמען פון גאָט, און דעם נאָמען איד מיט שטאָלץ און ווירדע, וועלען זיי דיר רעס־פעקטירען. גויים וועלען פון דיר ניט לאַכען אויב דו וועסט זיך אָפּהאַלטען אַנטייל צו נעמען ביי זייער טיש, פון מאכלות אסורות צוליעב רעליגיעזע איבערצייגונגען, דו וועסט אדרבא שטייגען אין זייערע אויגען, און זיי וועלען האָבען מעהר צוטרוי צו דיר.

דער לייב אין דעם משל, מיין קינד, האָט זיך ניט אָפּ־געשטעלט אפילו פון צו צוררייסען אַ מענשען אום צו קריי־גען זיין עסען. דאָס איז אכזריות, און פון אַ לייב קען מען אַנדערש ניט דערוואַרטען. דער רעזולטאַט איז אָבער גע־ווען דאָס ער איז אריינגעפאלען אין א גרוב און צובראָכען זיינע ביינער... אַ מענש אָבער איז ניט קיין בלוט דורשטיגע חיה, ער טרעט ניט אויף יענעמ'ס קאָפּ, ער פארגיסט ניט יע־נעמס בלוט צוליעב פרנסה. עס איז אמת דאָס די עהרליכע וועג איז די שווערערע, אָבער אין די ענדע באַצאָהלט זיך עס מעהר ווי די אונעהרליכע און גרינגערע וועג. די אידישע חכמים גיבען אַ שעהנעם משל: „פעם אחת הייתי מהלך בדרך וראיתי תינוק יושב על פרשת דרכים, ואמרתי לו באיזו דרך אלך לעיר. אמר לי: זו קצרה וארוכה, וזו ארוכה וקצרה, והלכתי בקצרה וארוכה. כיון שהגעתי לעיר מצאתי שמקיפין אותה גנים ופרדסים. חזרתי לאחורי, ואמרתי לו: בני, הלא אמרת לי „קצרה"?! אמר לי: ולא אמרתי לך „ארוכה"?! — נשקתיו על ראשו ואמרתי לו, אשריכם ישראל שכולכם חכמים גדולים אתם מגדלכם ועד קטנכם" — (עירובין נ"ג ע"ב). ר' יהושע בן חנניה דערצעהלט דאָס ער איז איינמאָל געגאַנגען אויף אַ וועג און האָט דערזעהן א קליינעם קינד זיצענדיג ביי אַ שיידע וועג, דאָס הייסט אַ פּלאַץ פון וואַנען עס שיידען זיך פונאַנדער צוויי וועגען, אויף רעכטס און אויף לינקס. איך האָב איהם געפרעגט וועלכע וועג זאָל איך נעהמען צו געהן אין

שטאָט אריין, האָט מיר דער קינד געענטפערט צייגענדיג, די וועג איז אַ קורצע און לאַנגע, וועהרענד די אנדערע וועג איז אַ לאַנגע און אַ קורצע. האָב איך גענומען — זאָגט ר׳ יהושע — די ערשטע וועג, די קורצע און די לאנגע. ווען איך בין גע־קומען נעהענטער צו דער שטאָט, האָב איך ניט געקענט אריינ־געהן, ווייל זי איז אויף יענעם פלאץ געווען ארומגערינגעלט מיט גערטנער און וויינגערטנער. פערפאלען, האָב איך זיך צוריקגעקרט, און געזאָגט צום קינד, מיין זוהן, האָסט דו דען ניט געזאָגט, דאָס עס איז געוועזן „קורץ"? יאָ — האָט ער געענט־פערט — האָב איך דען אָבער אויך ניט געזאָגט „לאַנג"? האָב איך איהם — דערצעהלט ר׳ יהושע ווייטער — אַ קוש געטאָן אויפ׳ן קאָפּ און געזאָגט, ווי גליקליך דו ביזט, מיין אידישעס פאָלק, איהר זייט אלע קלוג פון קליין ביז גרויס.

מיין קינד, די זעלבע עצה וויל איך דיר אויך געבען, ווען דו וועסט אויסוואקסען, וועסטו עס בעסער באגרייפען. אין לעבען וועט דיר אַ מאָל אויסקומען צו שטעהן אויפ׳ן שיידע־וועג, און דו וועסט ניט וויסען וועלכע פון זיי אויסצוקלייבען. איין וועג וועט אויסזעהן אלס די קירצעסטע און נעהענטסטע צו ערפאָלג, אין בילדונג צי אין ביזנעס אָדער אין דער געזעל־שאַפט. דו וועסט וועלען אויף גיך רייך ווערען, אָדער דורכ־געהן היי סקול צו קאָלעדזש, נאָר אויף אַ גרינגען, לייכטען אופן. זיי זשע אָבער וויסען, דאָס די ענדע וועט זיין אַ דורכ־פאַל, און עס וועט צו שפעט זיין זיך צוריקצוקעהרען, ווייל אַ יאָהר אוועק מיינט אַ יאָהר פארלאָרען. מיין עצה וואָלט דעריבער זיין, דו זאָלסט נעהמען די לענגערע וועג, אייך זיך ניט, זיי גרינדליך און ערנסט אין דיינע אונטערנעהמונגען, זיי עהרליך צו דיין געוויסען. עס וועט אפילו זיין אַביסעל שווערליך, אָבער די צוקונפט איז געזיכערט. די לאַנגע וועג וועט זיך אויסלאָזען צו זיין די קירצעסטע.

אויך אין דער תורה ווערט דערצעהלט פון צוויי כאַ־

ראַקטערען, וועלכע האָבען גענומען פאַרשידענע וועגען. איי־נעמס איז געווען אַ לאַנגע, אָבער צום ענדע אַ קורצע. דעם צווייטענס גראַדע פאַרקערט, און איז געווען ניט נאָר אַ דורכפאַל, נאָר האָט זיך געענדיגט קאַטאַסטראָפאַל.

די נעמען פון דיזע כאַראַקטערען זיינען גאַנץ גוט באַ־קאַנט. איינער האָט געהייסען אברהם, און דער צווייטער לוט.

לוט האָט דערזעהן דאָס דער גאַנצער ככר הירדן איז געווען „כלו משקה", גוט בעוואַסערט, ער האָט בעטראַכט סדם און געזעהן פאַר זיך אַ וואָהלהאַבענדע שטאָט, ביזנעס איז דאָרט געווען גוט, אינוועסטמענטס זיינען געווען זיכער, דער „ריעל עסטייט" מאַרקעט איז געווען הויך, און — ריי־דענדיג ווייטער אין דער מאָדערנער שפּראַך — די באַנקען האָבען געטאָן גלענצענדע ביזנעס, גרויסע געביידען זיינען גע־וואַקסען און געשטיגען פון טאָג צו טאָג. מיט איין וואָרט סדום וואַקסט! ווי אַ גוטער ביזנעסמאַן האָט לוט באַטראַכט די לאגע: — איך קען דאָ מאַכען געלט — טראַכט ער ביי זיך, וואָס אַרט מיך די רשעות און פאַרדאָרבענהייט פון די מענ־שען, סדום איז גוט גענוג פאַר מיר. „ויאהל לוט עד סדום" (בראשית י"ג) און לוט האָט זיך באַזעצט אין סדום, דאָרטען צו ערציהען זיינע קינדער און בויען זיין צוקונפט. אברהם אָבער האָט זיך אומגעקערט מיט'ן רוקען צו סדם. ער האָט ניט געוואָלט ברייננגען זיין פאַמיליע אין אַזאַ פאַרדאָרבענעם פּלאַץ, זוכענדיג עטוואָס שעהנער, פיינער און בעסער. זיין וועג איז געווען אַ לאַנגע און אומבאַשטימטער: „לך לך מארצך... אל הארץ אשר אראך", ער האָט אָבער געהאַט אמונה, גלויבען און האָפאָונג. ער האָט געפיהלט דאָס זיין שליחות איז צו דינען גאָט און מענשען.

איך קען זיך פאָרשטעלען וואָס לוט האָט געדענקט פון דעם אַלטען נאָר אברהם. לוט האָט זיך אריינגעוואָרפען

מיט זיין גאַנצען לייב און לעבען אין זיינע ביזנעס אין סדם, טאָג און נאַכט, שבת און יום טוב! ער האָט גאָר פארגעסען אין די רוהע-טעג, זיי זיינען ניט געווען פארצייכענט אין זיין קאַלענדאַר — זיבען טעג אַ וואָך פאַרטאָן אין מאַכען געלד. לוט איז געוואָרען רייך, דער רייכסטער פיליכט אין שטאָט, ער איז געוואָרען אַ שופט — אַ „דזשאָדזש". אָבער — פלוצלונג „וה' המטיר על סדם ועל עמורה גפרית ואש מן השמים, ויהפך את הערים האלה ואת כל הככר ואת כל יושבי הערים וצמח השדה" און גאָט האָט געמאַכט רעגענען אויף סדם און עמורה שוועבעל און פייער פון די הימלען, און איבערגעקעהרט די שטאָדט, עס איז געוואָרען אַ באַרג אַש פון זיי, פון דעם גאַנצען פלאַן מיט די איינוואוינער פון די שטעט און פון אלעס וואָס איז געוואָקסען אויף די פעלדער. אלעס האָט לוט פארלאָרען, ניט נאָר זיינע הייזער, זיין רייכטהום, זיין געלד, ער האָט אויך פארלאָרען זיין פאַמיליע, און זיין אייגען לעבען איז געוואָרען ביטער ווי זאלץ, זיינע טעכטער'ס — שענדליך.

אברהם אָבער איז געגאַנגען ניט וויסענדיג וואוהין. „לך לך", געה, איין אונבעשטימטער וועג. ער האָט ניט געוואָלט זיך באַזעצען אין סדם, ניט געזוכט אַ גרינגען דאלאר, אָדער צו ווערען גיך רייך. ער איז געווען אַ מאָראַלישער פיאָנער, אויסטרעטענדיג אַ נייעם וועג פאַר דער מענשהייט. ער האָט געזוכט ניט רייכטום, נאָר אַ גאָט. האָט ער דערלייגט דערצו? ניין! „ואברהם כבד מאד במקנה, בכסף ובזהב; אברהם איז געווען שווער אָנגעלאָדען מיט פיה, מיט זילבער און גאָלד"... און „ויקח אבימלך צאן ובקר ועבדים ושפחות ויתן לאברהם", אבימלך האָט באַשאָנקען אברהם'ן מיט שעפסען, מיט רינדער, מיט קנעכט און מיט דינסטען, און האָט איהם געזאָגט: „הנה ארצי טוב לפניך, כטוב בעיניך

שב״ מיין גאַנצע לאַנד איז פריי פאַר דיר, באַזעץ זיך וואו דו ווילסט.

נו, פרעג איך, ווער האָט בעסער אויסגעמאַכט, לוט צו אברהם?

פאַרגעס ניט, מיין קינד, דאָס דערצעהלענדיג דעם ביי־שפּיעל פון סדם, האָב איך ניט געמיינט בלויז די אַלטע היס־טאָרישע סדם, אַ באַשטימטער פּלאַץ אויף דער לאַנדקאַרטע. סדום איז אַ לעבענס פילאָזאָפיע, אַ לעבענס-באַגריף. סדום פונקציאָנירט נאָך אַפילו יעצט אויך, רוף עס אָן וואָל סטריט, דערום — זיי פאָרזיכטיג — לוט האָט גענומען די קורצע וועג, און עס האָט זיך אויסגעלאָזען אַ באַרג אַש, אברהם האָט גע־נומען די לאַנגע וועג, און ער איז געוואָרען דער אב המון גויים, דער פּאַטריאַרך, דער אורשפּרונג פון אַ פאָלק, פון אַ תורה, פון נביאים און גרויסע גייסטער, וועלכע האָבען און בע־לייכטען נאָך יעצט אויך דער וועלט׳ס פינסטערניש, אַ ברכה פאַר דער מענשהייט, והיה ברכה, ונברכו בך כל משפחות האדמה. „הולך בתום ילך בטח״ (משלי י׳ ט׳).

אויך גאָט האָט ניט געפיהרט די אידען וועלכע זיינען ארויס פון מצרים דורכ׳ן קורצען וועג פון לאַנד פּלשתים, ווייל עס איז געווען צו נאָהענט, — „ולא נחם אלהים דרך ארץ פלשתים כי קרוב הוא״. עס האָט זיי געענומען פערציג יאָהר צו וואנדערען אין אַ מדבר, ביז זיי האָבען דערגרייכט זייער ציעל. און אויב דו וועסט אויך אזוי טאָהן, וועסטו זיין אַ ערפאָלג, און אַ ברכה צו דיינע עלטערען, צו גאָט און צו לייט, און צו דיין פאָלק ישראל. אמן.

---

# דרוש לבר מצוה

## רעליגיאָן און שלום

„וכל בניך למודי ה׳ ורב שלום בניך".
(ישעיה נ"ד).

ליעבע עלטערען, ווערטהע געסט און ווערטהע גע-מיינדע!

איך קען זיך קוים פאָרשטעלען דאָס איך בין שוין א בר מצוה. דאָך איז עס אַ פאַקט, אַ ווירקליכקייט און אַט שטעה איך דאָ אויף דיזער הויכגעאַכטעטער בימה, און טראַג פאר אייך פאַר לכבוד דיזער גרויסער געלעגענהייט אין מיין לעבען.

שעהן און ערהאַבען איז דיזער טאָג ניט בלויז צו מיר, נאָר אויך פאַר אייך מיינע ליבע עלטערען, און אויך פאר׳ן כלל ישראל. „נגילה ונשמחה בו"!!

ס׳איז אמת דאָס דיזער טאָג איז א פרעהליכער טאָג, ער איז אָבער אויך איין ערנסטער טאָג, ווארום איך עפען היינט אויף אַ נייעם בלאַט אין מיין לעבענס קאַריערע, אין דעם בוך פון לעבען. איך געה אַריין אין דער רייפער פעריאָדע פון מיין יוגענד, איך הויב אויך אָן צו ווערען אַ איד מיט פליכ-טען, צו גאָט און צו מיין פאָלק, — „וגילו ברעדה"!

איך ווייס דאָס איהר, מיינע טייערע אידען, האָט זיך שוין גענוג אָנגעהערט מיט בר מצוה דרשות, און אזוי ווי אַלע האָבען כמעט די זעלבע טעמע און דעם זעלבען אינהאַלט, גלויב איך, דאָס איהר מוזט זיי שוין קענען אויף אויסוועניג. איך זאָג ניט דאָס איך בין מעהר געבילדעט אָדער קליגער

פון אנדערע קאָלעגען פון מיין עלטער וועלכע געהען דאָ ארויף אויף דיזער בימה האַלטען דרשות, אָבער דאָך וויל איך זאָגען עטוואָס, וואָס איך דענק וועט זיין נייעס.

דער נביא וועמעס ווערטער איך האָב גענומען אלס טעקסט פון מיין רעדע, זאָגט: דאָס ווען אלע דיינע קינדער וועלען זיין גאָט׳ס געלעהרנטע, וועט זיין גרוים דער שלום פון דיינע קינדער... געטליכקייט און שלום געהען אַלזאָ האַנט אין האַנט. און אזוי געהען אויך צוזאמען גאָטלאָזיגקייט און קריעג.

גאָט׳ס נאָמען איז שלום, איין איד באגריסט דעם צווייטען מיט „שלום". — דער אויסדרוק „רעליגיאָן" מיינט אין לאַטייניש צונויפזאַמלען, צונויפבינדען. און דאָך האָט נאָך קיין זאַך אַזוי ניט צוטיילט די מענשהייט ווי רעליגיאָן, אין איהרע פארשיעדענע פאָרמען. יעדע רעליגיאָן האַלט זיך זעלבסט אַלס פארצוג צו אלע אַנדערע פאָרמען, און דער רע־זולטאַט איז קריג, אַ צוריסענהייט, און מלחמות ווי עס האָט פּאַסירט אין מיטעלאַלטער.

דער מענש, ווי עס שיינט, האָט פארלאָרען דעם וועג צו דער מענשליכער הארץ, זוכענדיג אַ וועג ווי צו דערגרייכען גאָט. רעליגיעזע רדיפות האַלטען נאָך אָן עד היום, אפילו אין דעם ציוויליזירטען צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט. ווען מען זאָל צעהלען די רשעות און די רדיפות מיט וועלכע גע־וויסע רעליגיאָנען האָבען געפּייניגט די מענשהייט וואָל־טען זיי געווען מעהר ווי די שטערן אין הימעל, און ווי די זאַמד ביים ברעג ים. אָבער דיזע רעליגיאָנען זיינען ניט נאָר ווייט פון דער מענשליכער הארץ, זיי זיינען אויך ווייט פון גאָט. — „אשר לא צוה ה'" — גאָט האָט אַזוינס קיינמאָל ניט געהייסען.

דער איינציגער וועג ווי צו ברייננען שלום אויף דער וועלט, איז די עצה פון דעם נביא ישעיה, און דאָס איז —

צו זיין באגייסטערט פאר גאָט, און געטליך געלערענט. און אָט דאָ ליגט דער אונטערשיעד צווישען אַן אמת'ע און אַ פאַל־שע רעליגיאָן. די אמת'ע רעליגיאָן ברייגנט גאָט נעהענטער צום מענשען, עס ברייגנט דעם הימעל נאָהנט צו דער ערד, דאַגעגען פאַלשע רעליגיאָן מאַכט די ערד צו אַ וויסטעניש, אַ מדבר באַוואוינט פון ברענענדע שלאַנגען און עקדישען, און מאַכט פון גאָט'ס שעהנע וועלט אַ גיהינום. אויפריכטיגע רע־ליגיאָן איז ליבענסווירדיג, גוטמוטהיג, פארגעבענד, און אנער־קענט די מענשליכע שוואכקייטען. פאַלשע רעליגיאָן איז ברוטאַל, ציניש און חוצפה'דיג צו אַנדערע. אויפריכטיגע רעליגיאָן זאָגט: „ילך איש בשם אלהיו ואני אלך בשם ה' אלהים". זאָל יעדער געהן אין נאָמען פון זיין גאָט, און איך וועל געהן אין נאָמען פון מיין גאָט. עס מאַכט קיין אונטער־שיעד מיט וועלכען וועג מיר דערגרייכען דעם שפיץ פון באַרג, אַבי מיר דערגרייכען איהם. פאַלשע רעליגיאָן איז איינגע־שלאָסען, פאַנאַטיש, אַבערגלויביש, און פארפאַלגעריש — „רוממות אל בגרונם — וחרב פפיות בידם" רעדען מיט גאָט און האַלטען אַ שווערד אין האַנד. אויפריכטיגע רעליגיאָן הייסט: „ואהבת לרעך כמוך", ליעב דיין נאַכבאַר ווי דו ליבסט זיך זעלבסט. פאַלשע רעליגיאָן אָבער לערענט: האַס דיין נאַכבאַר.

זיינען דען מיר אידען ניט געוועזן די גרעסטע מאַרטי־רערם פון אזוינע פאַלשע באַגריפען וועגען גאָט און זיין לעהרע? די וועלט איז אימער געוועזן שלעכט צו אונז, אידען, זי האָט אונז גע'רודפ'ט, געפלאַגט און פּאַגראָמירט, ווייל מיר אידען זיינען די איינציגע „למודי ה'", ווייל מיר האַלטען זיך פעסט אָן אונזער תורה, וועלכע איז געטליך און ריין, וועלכע זאָגט: „ומדבר שקר תרחק"! — האַלט זיך פון ווייטענם פון פאַלשקייט. „מי יעלה בהר ה' ומי יקום במקום קדשו"? — ווער איז באַרעכטיגט צו באַשטייגען גאָט'ס באַרג און שטעהן

אויף זיין הייליגען פלאַץ, פרעגט דער משורר, דער ענטפער איז: נקי כפים ובר לבב! דער וואָס האָט ריינע הענד און אַ קלאָהרע הארץ.

וועלכע איז די בעסטע רעליגיאָן, איז אַ פראַגע וועלכע ווערט זעהר אָפט געפרעגט. לעסינג, באַריהמטער דייטשער דראַמאַטורג, ענטפערט די פראַגע מיט דעם פאָלגענדען שעהנעם משל אין זיין באריהמטען ווערק „נאַטהאַן דער ווייזע" — אין עהרע פון זיין פריינט מאָזעס מענדעלסאָן:

אַ געוויסער פאַטער אין דעם אָריענט האָט באַזעסען אַ רינג, אין וועלכען עס איז געווען איינגעפאַסט אַ זעהר ווערט-פולער דימענט, וועלכער האָט געהאַט די קראַפט צו מאַכען זיין בעזיצער באַליבט ביי גאָט און פון מענשען, ער האָט דעם רינג איבערגעגעבן בירושה צו זיין אַם מייסטען באַ-ליבטען זוהן, מיט דעם תנאי, דאָס אויך אין די נאָכפאָלגענדע דורות זאָל דער באַזיצער פון רינג איהם איבערגעבען צו זיין יורש אונטער די זעלבע אומשטענדען ווי ער גיט איהם איצט איבער. ער האָט אויך פארזאָגט דאָס דער באַזיצער פון רינג זאָל ווערען דער הויפט פון דער פאַמילע.

איינער פון די נאָכפאָלגער צו וועמען דער רינג איז געקומען בירושה, איז געווען אַ פאַטער פון דריי זיהן, וועלכע ער האָט גלייך געליעבט, און ניט וועלענדיג פאַראורזאכען קנאה צווישען זיי, האָט ער אין פאַרשיעדענע צייטען יעדען פון זיי צוגעזאָגט נאָר איהם איבערצוגעבען דעם רינג. אָבער צו דער ענדע פון זיין לעבען, שוין ליגענדיג אויף זיין שטערבע-בעט, האָט ער זיך באַדיינקט וואָס ער האָט דאָ אָפגעטאָן, און פון די שוועריגקייטען, וועלכע ער האָט אליין געשאַפען. טאַקע, וועלכער פון זיינע זיהן זאָל זיין דער באַזיצער פון דעם רינג? — אום אויסצומיידען די דילעממא, האָט ער געאָרדערט מען זאָל מאַכען צוויי גלייכע קאָפּיעס פון דעם אָריגינעלען רינג, אַזוי דאָס מען האָט ווירקליך ניט געקענט אורטיילען

צווישען די דריי רינגען וועלכער איז דער אָריגינאל און וועל־כע זיינען בלויז נאָכהאַמונגען. נאָך זיין טויט איז ענטשטאַ־נען אַ קריג צווישען די דריי ברידער, יעדער פון זיין פּרע־טענדירענדיג, דאָס נאָר ער באַזיצט דעם אמת'ן אָריגינאַלען רינג. זיי האָבען פאַרגעבראַכט זייערע צוויסטיגקייטען פאַר אַ ריכטער, אָבער אויך דער ריכטער האָט ניט געקענט אויס־פלאָנטערען די רעטעניש. „איך קען ניט באַשטימט זאָגען, וועל־כער איז דער ריכטיגער רינג, און וועלכע זיינען קאָפּיעס", האָט געזאָגט דער ריכטער, אָבער דער רינג אליין קען בעוויי־זען זיין אָריגינאַליטעט. און ווענדענדיג זיך צו די ברידער, האָט ער געזאָגט: איהר באַהויפּטעט דאָך דאָס דער בעזיצער פון רינג קען זיך מאַכען באַליעבט פון גאָט און מענשען, זאָל יעדער פון אייך טאָן דאָס בעסטע און פיהרען אַ ווירדיגען לעבען, און אריבערשטייגען די אַנדערע ברידער אין עהרליכ־קייט און גוטער אויפפיהרונג, דאן וועט זיך ארויסצייגען ווער עס איז דער באַזיצער פון אָריגינעלען רינג.

איך בין איבערצייגט, דאָס מיר אידען באַזיצען דעם אמת'ן דימענט. אונזערע נביאים האָבען געלערענט: „מה ד' אלהיך דורש מעמך כי אם עשות משפט, ואהבת חסד והצנע לכת עם ד' אלהיך" — צו טאָן גערעכטיגקייט, צו ליעבען, טאָן גוטעס, און זיין באַשיידען מיט דיין. „צדק צדק תרדף" יאָג נאָך צו טאָן גערעכטיגקייט, סור מרע ועשה טוב; דרשו טוב ולא רע, למען תחיו (עמוס ה' ו') אידענטום רודפ'ט ניט אנדערע רע־ליגיאָנען, ביי אידען פלעגט מען מקריב זיין זיבעציג קרבנות אין פארלויף פון יום טוב סוכות, פאר די שבעים אומות — די זיבעציג אנדערע נאַציאָנען. אברהם אבינו האָט תפילה געטאָן פאַר סדום און עמורה, אָבוואָל זיי זיינען ניט געווען קיינע אידען.

און איך האָף צו באַזיצען דעם עדעלשטיין, ווייל איך האָף צו פיהרען אַ לעבען באַליעבט ביי גאָט און פון מענשען.

איך פיהל שטאָלץ דאָס איך געה היינט אריין אין די רייהען פון אידישען פאָלק, און ווער זעלבסט אַ שותף צו דעם אונשעצבאַרען דימאנט וועלכער שיינט כזהר הרקיע.

מיר קענען פאַרשנעלערען די טריט פון דעם באחרית הימים, אויב מיר זאָלען לערנען צו געהן אין גאָטעס וועגען — „למודי ד׳״, צו רעספּעקטירען אַנדערע, פיהרען אַ ניט בלאָ־מירטען לעבען, צו פּראַקטיציערן גוטסקייט אין וואָרט און טהאַט.

קומענדיג פון אַ גוטע אידישע היים וואו פיינקייט און שעהנע אויפפיהרונג הערשט און ווערט טעגליך פּראַקטי־צירט, געה איך היינט ארויס אויף דער וועלט בייצושטייערען מיין חלק צום וועלט אידעאל, צו העלפען ברענגען שלום אויף דער וועלט, און צו דער פארברידערונג צווישען מענשען, אזוי דאָס יעדער זאָל קענען דענקען אַז ער איז דערווירקליכער באַזיצער פון׳ם אמת׳ן רינג.

די חכמים זאָגען דאָס אין נח׳ס קאַסטען האָבען זיך געפונען דימענטען אין פערלויף פון מבול. דיזע לייכטענדע עדעל שטיינער פלעגען קענען אָנצייגען ווען עס איז טאָג און ווען נאַכט. אויך איך, מיינע ליבע עלטערען, האָב פון אייך ערהאַלטען שיינענדע דימענטען, וועלכע וועלען מיר לערנען אונטערצושיידען פון טאָג ביז נאַכט, פון שלעכטס ביז גוטעס. צו גלויבען אין גאָט און טאָהן גוטעס צו מיט־מענשען, ליעב צו האָבען מיין פאָלק ישראל — דיזע זיינען די אונשאַצבאַרע דימענטען וועלכע וועלען באַלייכטען מיין וועג אין דער צו־קונפט.

ליבער מוטער! — איך ווייס דאָס דיזער טאָג איז גלאָררייך צו דיר! איך ווייס דאָס דו ביזט היינט איבערגליק־ליך אין דיזע שעהנע און ערהאַבענע מינוטען. פון דיר, מו־טער, קען איך רעכט פאַרשטעהן ווארום מוטערשאַפט איז אזוי הייליג און געטליך, און ווארום אידישע מוטערס האָבען צו־

געגעבען אזוי פיעל חן און הייליגקייט צו זייערע היימען. ווייל אַ אידישע מוטער איז ניט בלויז אַ מאַמע אין געוועהנ־ליכען זינן, זי איז אויך אַ לעהרער און אַ וועג־ווייזער. איך קען דיך פאַרזיכערען, ליבע מוטער, פון דער טיפענים פון מיין האַרצען, דאָס דיינע קרבנות פון מיינעטוועגען וועלען ניט זיין אומזיסט. דו קענסט נאָך ערווארטען נחת פון מיר. קינדער־שע ליעבע, אייביגע געטרייהייט, און איבערהויפּט אַ ריין־ציכטיגען, אידיש־מאָראַלישען לעבען. פיהל זיך גליקליך, דער אָנפאַנג פון מיין קאַריערע איז דאָך אַזוי שעהן און ער־האַבען!

און דו, ליבער פאָטער! דער לעבענס וועג איז ניט באַשאָטען מיט בלומען פאר קיינעם, אויך דיין לעבענס־וועג איז ניט געוועזן באַשאָטען מיט בלומען. אין דער שוהלע פון לעבען האָסט דו געקראָגען דיין חלק פון האַרטע קלעפּ, דאָך — אינטש ביי אינטש, טריט פאר טריט, ביזטו געקראָכען אויף דעם לייטער פון לעבען, און זיך דורכגעשלאָגען אַ וועג, דורך אויסערגעוועהנליכע אָנשטרענגונגען און מיה, און גרויסע קרבנות, האָסטו אונז באַזאָרגט מיט א גוטע היים, און מיט אַלע נויטווענדיגקייטען פון לעבען.

קאַמפּף אין לעבען איז אַ ברכה, און ווען נויטיג בין איך אויך פאַרטיג פאר׳ן לעבענס קאמפף, און נאָכפאָלגענדיג דיינע טריט, און אינספּירירט דורך דיין לעבענס געשיכטע, בין איך זיכער — מיט גאָט׳ס הילף און דיין שטענדיגען ראַטה — דאָס איך וועל זיין איין ערפאָלג אין לעבען. אויך דו דארפסט זיך היינט פיהלען גליקליך. דיין וואונש וועגען מיר וועט פארוועכענט זיין ווי אַ הייליגטום, דיינע האָפנונגען פון מיר— אַ פארווירקליכונג.

מיט טיפען דאַנק צו אייך ביידען, ליבע עלטערען, זאָל גאָט געבען דאָס מיין לעבען זאָל זיין אַ קוואַל פון ברכה און אינספּיראַציע צו אייך ביידען!

אַלמעכטיגער גאָט! גיס אויס די שפע פון ברכות אויף מיר, און העלף מיר דורכפיהרען אין לעבען אַלע מיינע טרויּ־מען צו טאָן גוטעס. בענש מיינע ליבע עלטערען מיט לאנגע און גליקליכע יאָהרען, העלף מיר מאַכען זייער לעבען זיס. בענש דיזע געמיינדע, כלל ישראל און די גאַנצע מענשהייט מיט שלום — „ויהי נועם ה׳ אלהינו עלינו ומעשה ידינו כוננה עלינו, ומעשי ידינו כוננהו" — אמן!

---

# אידעאַלער שלום בית

„ויהי כי זקן יצחק ותכהין עיניו מראות, ויקרא את עשו. ויאמר: הנה נא זקנתי, לא ידעתי יום מותי, ועתה שא נא כליך תליך וקשתך וצא השדה וצודה לי ציד, ועשה לי מטעמים כאשר אהבתי והביאה לי ואכלה בעבור תברכך נפשי בטרם אמות. ורבקה שמעת בדבר יצחק אל עשו בנו. ורבקה אמרה אל יעקב בנה: בני, שמע בקולי! לך נא אל אל הצאן וקח לי משם שני גדיי עזים טובים ואעשה אותם מטעמים לאביך כאשר אהב, בעבור אשר יברכך לפני מותו".

און ווען מיר לייענען אין דער תורה אָט די ווערטער אַנטוויקעלט זיך פאר אונז אַ בילד געמאָלען אין נאַטירליכע, און אין דער זעלבער צייט מייסטערהאַפטע שטריכען, אין וועלכע אונזער אַלטעגליכער לעבען שפּיגעלט זיך אָפּ מיט אלע זיינע שוואכקייטען און טראַגעדיען: —

מיר זעהען פאר זיך א היים וועלכע איז דעמאָראלי־זירט. די תורה, וועלכע איז אַ תורת אמת, שאַנעוועט ניט איהרע העלדען וועלכע זי פארגעטערט. פאָטער און מוטער זיינען געגענזייטיג פון דער נאַטור, זייער כאַראַקטער איז דער היפוך איינער פון דעם אַנדערען און די געגענזייטיגקייט שפּי־געלט זיך אויך אָפּ אין זייערע צוויי זיהן און דער שלום בית ווערט צעשטערט, מיט דעם רעזולטאַט, דאָס איין ברודער זוכט צו טויטען דעם אַנדערען ברודער.

יצחק, דער פאָטער, איז די זעלביגע עולה תמימה ווי מיר זעהען איהם ביי דער עקדה. זיין פאָטער אברהם הערט גאָט׳ס געבאָט מקריב צו זיין „זיין איינציגען קינד, ווען ער

האָט ליב — יצחק׳ן״. יצחק האָט דאָס רעכט ניט צו פאָלגען, ווייל ער האָט פון גאָט אליין אזא געבאָט ניט געהערט און פונדעסטוועגן, אָהן קיין גערעכטען ווידערשטאַנד, לאָזט ער זיך בינדען אלס קרבן אויף דער עקדה. ער פאָלגט בלינדער־דערהייט.

די חכמים האָבען טיעף דורכגעדרונגען דיזען שוואַכען שטריך אין דעם כאראַקטען פון פאַטריארך ווען זיי האָבען געזאָגט: „בשעה שעקד אברהם אבינו את יצחק בכו מלאכי השרת, ונשלו דמעותיהם לתוך עיניו של יצחק ונעשו בם רשומות וכיון שהזקין כהו עיניו״. די מלאכים האָבען זיך צע־וויינט בעת יצחק איז געלעגען א געבונדענער אויף דער עקדה און זייערע טרעהרען האָבען אריינגעפלאָסען אין די אויגען פון יצחק וועלכע האָבען איהם געמאַכט בלינד אויף דער על־טער, ניט צו זעהן דעם אונטערשייד פון זיין בכור עשו וועל־כער האָט זיך געקענט צביעות׳דיג חנפ׳ענען צום פאָטער מיט שאלות ווי מען שיידט אָפּ מעשר פון זאַלץ און שטרוי, זייענ־דיג אָן „אדמוני״, אַ יעגער, באַדעקט נאַטירליך מיט „אַ מאַנ־טעל פון האָר״, און דעם צווייטען זוהן יעקב וועלכער איז געוועזן אַ איש תם ויושב אהלים. קענטיג, דאָס די מלאכים אליין זיינען געוועזן געריהרט פון אזא איבערטריבענער תמימות אין אַ פאָטער, וועלכער קען ניט זעהן דעם אונטער־שייד אין זיינע קינדער, און ווייס ניט פאַנאַנדערצוטיילען צווישען שלעכטס און גוטס, צווישען עהרליכקייט און פאַלש־קייט, צווישען גייסט און קערפּער, און איז גרייט צו שענקען אַ פאָטערליכע ברכה צו עשו׳ן „כי ציד בפיו״, ווייל ער קען אריינברייגען „געפאַנגענשאַפט״ אין זיין מויל און אינגאַנצען פארנאַכלעסיגען יעקב׳ן, דעם גייסטיגען יורש, וועלכער איז אויסגעקליבען געוואָרען פון דער השגחה פאָרטצוזעצען די אידעאלען פון זיין גרויסען פאָטער אברהם.

אין קאָנטראַסט צו דער „בלינדקייט״ פון יצחק׳ן זעהט

זיך בולט ארוים די מאָראַלע „זעהענדיגקייט" פון רבקה'ן. די פּאַטריאַרכאַלישע מוטערס זיינען שטאַרקער אין כאַראַקטער פון די פּאַטריאַרכאַלישע פּאָטערס — אברהם איז געווען אַ טפל אין נבואה צו שרה'ן. רבקה האָט אינטואַציע, זי שטעהט גייסטיג העכער. נאָך איידער די צוויי קינדער זיינען געבאָרען געוואָרען הערט זי גאָט'ס שטימע וועלכע זאָגט: „ורב יעבוד צעיר" — דאָס עשו'ס ברוטאַלע קראַפט וועט זיין אונטערוואָרפען יעקב'ס גייסטיגע מאַכט. זי האַלט, דאָס עשו ווערט אַ פאַרצאַפּעלטער פאַר אן עבודה זרה, און יעקב רייסט זיך צום בית מדרשו של שם ועבר. זי זעהט איין דעם טעות פון איהר „בלינדען" מאַן, זי האַנדעלט אָבער ניט גרויזאַם געגען איהם, זי שאַנעוועט זיינע געפיהלען, זי שאַפט ניט קיין בייז בלוט אין איהר היים, זי האַנדעלט קלוג און סטראַטעגיש און פיהרט דערצו, דאָס יעקב און ניט עשו זאָל קריגען די פּאָטערליכע ברכה.

דער שלום בית איז אָבער נאָר צייטווייליג, די פאַרשידענאַרטיגקייט אין די כאַראַקטערען פון די עלטערען שפּיגעלט זיך אָפּ אין דער טרויעריגער דראַמע, וועלכע פאָלגט. עשו זוכט נקמה, יעקב איז ניט זיכער מיט'ן לעבען. דער מוטער'ס האַרץ בלוטעט, זי „זעהט" אַ מאָרד, און אין פאַרצווייפלונג שרייט זי: „למה אשכל שניכם". און זי ראַט יעקב'ן צו אַנטלויפען, און עס האָט גענומען גאַנצע צוואַנציג יאָהר ביז די פאַמילע-וואונד איז פארהיילט געוואָרען.

ניט אומזיסט איז די תורה געגליכען צו אן עץ-חיים — אַ בוים פון לעבען. מאָלט דען ניט די תורה אין וואונדערבאַרע בילדער אַ שטיק דראַמע פון לעבען, וועלכע ווערט געשפּילט פון עלטערען, וועלכע זיינען בלינד, און וואו פאָטער און מוטער זיינען פארשידענאַרטיג אין כאַראַקטער?

פיזישע בלינדקייט ערוועקט רחמנות-געפיהלען, גייס-

טיגע בלינדקייט שאַפט טראַגעדיעס. נאָך מעהר טראַגיש איז ווען עלטערען „זעהען" ניט זייער אייגענע בלינדקייט.

עס איז אמת, דאָס צו זיין אַ „פאָטער" אָדער אַ „מוטער" איז איינע פון די שווערסטע אויפגאַבען: מיר פארשטעהן זיך זעלבסט ניט, געווים ניט דעם צווייטען, און זיכער ניט די נשמה פון קינדער, אָבער יעדער קען זעהן בלינדקייט אין עלטערען וועלכע באַנוצען טיראַניי געגען זייערע קינדער אָהן אַ ברעקעל פאַרשטאַנד און סימפּאַטיע צו זייערע פּראָבלעמען. עלטערן, וועלכע באַנוצען ווילקיר אין זייערע פאַרלאַנגען פון קינדער, צו־שטערען זייער אייגענעם ציעל. פאַרבאָטענע פרוכט איז זיס, צום פינפטען געבאָט וואָלט איך צוגעזעצט: „כבד את בנך ואת בתך". עס קומען פאָר צייטען אין לעבען פון אַ וואַקסענדען זוהן אָדער טאָכטער, ווען זיי נויטיגען זיך אין דער קאָנפידענץ פון זייערע עלטערן, פון וועמען זיי קענען ערוואַרטען אַ לייזונג צו זייערע פּראָבלעמען, אָבער אין וויפיעל היימען וועט איהר געפי־נען אַזאַ צוטרוי צו עלטערן? אַנשטאָט צו עלטערען וועלען זיי געהן צו פרעמדע וועלכע קענען אַמאָל פאַרפיהרען...

עס זיינען דאָ אויך עלטערען וועמעס בלינדע איבער־געבענהייט און ליבע צו קינדער צייגט אַ שוואַכקייט, וועלכע שפּיגעלט זיך שפּעטער אָפּ אין די קינדער. דער טראָבעל מיט פילע עלטערען איז, אָפטמאָל, זייער צו גרויסע ליבע צו זייערע קינדער. קינדער האָדעווען זיך און וואַקסען־אויף גע־פינענדיג אלעס גרייט, און אפילו ווען זיי זיינען שוין אויסגע־וואָקסען זיינען זיי נאָך אַלץ קינדער, ניט פאָרבערייטעט פאַר'ן לעבענס קאַמף, אָהן כאַראַקטער און אָהן ווילען און פילע על־טערען מאַכען פון זיך אייביגע קרבנות אַלץ צוליעב די קינ־דער.

די גרעסטע טראַגעדיע איז אָבער, ווען פאָטער און מוטער שטימען ניט. די וואולגאַרע שפּראַך, באַליידיגענדע אויסדרוקען, קללות, און צום באַדויערען ווייסען מיר, דאָס די

מוטערס זיינען די מעהר שולדיגע אין דער הינזיכט, דאָס שאַפט אַ מיאוס'ן, צושטערענדען איינדרוק אויף די קינדער וועלכער האָטדעוועט האָס פון איינעם צום אנדערען — אַ רעזולטאַט פון בלינדקייט פון די עלטערען.

---

# דרשות להספדים

## גאָטיס אינסטרומענטען

ואהיה אצלו אמון, ואהיה שעשועים יום יום. התורה אומרת: אני הייתי כלי אומנתו של הקדוש ברוך הוא, בנוהג שבעולם. מלך בשר ודם בונה פלטין, אינו בונה אותה מדעת עצמו אלא מדעת אומן. כך היה הקדוש ברוך הוא מביט בתורה ובורא את העולם. (בראשית רבא א׳).

די תורה איז די כלי אומנתו של הקב״ה, די תורה איז גאָט׳ס אינסטרומענט מיט וועלכען ער האָט די וועלט באַשאַפען. בויט אַ מענש אַ פּאַלאַץ בויט ער לויט אַ פּלאַן געמאַכט ביי אַן אַרכיטעקט, אַזוי האָט כביכול געקוקט אין דער תורה און אַזוי ארום באַשאַפען די וועלט. אויך דער מענש איז גאָטס אינסטרומענט דורך וועמען ער פיהרט דורך זיינע פּלענער, און שטאַרבט אַ מענש וויינען ניט נאָר זיין פרוי, קינדער און פריינד נאָר אפילו גאָט אליין וויינט. „מקום יש להקב״ה ומסתרים שמו ששם בוכה מפני גאותן של ישראל שניטלה״ (חגיגה ה׳) גאָט וויינט בסתר צוליעב איינעם מיט וועמען ער איז שטאָלץ. בשעה שאדם מצטער שכינה מה אומרת: קלני מראשי, קלני מזרועי״ (סנהדרין) ווען מענשען פיהלען דעם שמערץ פון טויט, זאָגט ער: וועה צו מיין קאָפּ, וועה צו מיין אַרם, ווייל ער פיהלט אַז איינע פון די ווערקצייג איז צובראָכען, די כלי אומנות של הקב״ה.

דער טויט פון אַ מענשען איז געגליכען צו א קינסטלער וואָס האָט געוועקצייג מיט וואָס ער אַרבייט, צובריכט זיך

אָבער אַ אינסטרומענט האָט דער קינסטלער פיעל צער, און זאָל מען ווען איהם פרעגען וואָס זאָרגט ער אַזוי פיעל, ער קען דאָך קריגען אַנ׳אַנדער כלי. יאָ — וועט ער ערקלערען, כ׳קען טאַקע קריגען אַנאַנדער אינסטרומענט, אָבער כ׳בין געוועזען צו־געוואוינט צו דער כלי, ס׳איז געוואָרען אַ טייל פון מיין פער־זענליכען איך, וואָס כ׳האָב ליעב באַקומען, און דער פארלוסט קען ניט ערזעצט ווערען.

כך, אַזוי איז דער כביכול, ווען איינער פון זיינע מענ־שען ווערט צובראָכען ווערט ער אַ שרוי בצער, און גיסט טרעהרען אויף זיין פארלוסט במסתרים, ווייל „חביב אדם שנברא בצלם", יעדער מענש איז ליעב און טייער צו גאָט, בנים אתם לד׳ אלהיכם. איהר זייט אלע זיינע קינדער, און פונקט ווי ביי אַ פאָטער איז יעדער קינד טייער און ליעב, אזוי זיינען מיר ביי גאָט, און מיט דעם טויט פון יעמאַנדען איז צו־בראָכען געוואָרען אַן אינסטרומענט און דער כביכול פיהלט זיך ווי אַ אבל און קלאָגט מיט אייך מיט.

כד נח נפשיה דר׳ אבוהו אחיתו עמודי דקסרי מיא (מועד קטן כ"ה) ווען ר׳ אבוהו איז געשטאָרבען האָבען די עמודים פון קסרי געגאָסען טרעהרען. אין דעם קורצען משפט גיבען די חז"ל אַ אָפּשאַצנוג פון דעם גדול ר׳ אבוהו, דאָס אויף זיין טויט האָבען אלע עמודים, אינסטיטושאָנס געפיהלט דעם פארלוסט, ווען אן איינפאכער בשר ודם וואָלט שטאַרבען, וואָלט זיך ניט געפיהלט ביים כלל אזוי דער פארלוסט ווי ר׳ אבוהו׳ס טויט, וועלכער האָט פערזענליך מיט זיין קאַפּיטאל און זיין ענערגיע אויפגעהאַלטען די מוסדות הצדקה אין זיין שטאָט. די שוהלען האָבען פארלאָרען דעם שעהנעם איד, די בני הישיבה האָבען פארלאָרען זייער גייסטיגען פיהרער, די יתומים און אלמנות האָבען זייער שטיצע פארלאָרען, ר׳ אבוהו איז געוון ביי זיין לעבען אַ עוסק בתורה, עבודה וגמילות חסדים.

אויך דאָ ביי דעם נפטר פיהלט מען דעם גרויסען פאר־

לוסט און מיט די ספדנא במערבא לאָמיר מיט זאָגען, „יבכון עמי כל מרירי לבא״ זאָלען מיט וואוינען אלע פארביטערטע הערצער.

צו באַוויינען אַ נפטר איז נאַטירליך, ס׳ליגט אין דער מענשליכער נאַטור זעהענדיג דעם טויטען פאר די אויגען מען זאָל געריהרט ווערען פון דער אלמענשליכער טראַגעדיע, ער זעהט אין דעם זיין אייגענעם סוף, דעם סוף אדם למות, און ערשט באַגרייפט מען דעם ביטערען אמת „אך הבל כל אדם״, וואָס איז אַ מענש, היום כאן ומחר בקבר, אָט זעהט מען פאר זיך אַ מענשען וואָס האָט געלעבט, געהאָפט, געארבייט, ארומ־געריגגעלט פון פרוי, קינדער און פריינט — און די ענד — דער מיאוס׳ער טויט און דער פינסטערער קבר. „והחי יתן אל לבו״, אפילו דער פראָסטער מענש, דער חי, נעמט זיך אויך צום הארצען, און פון זיינע אויגען גיסען זיך טרעהרען, אפילו ווען דער נפטר זאָל איהם אין גאנצען אַ פרעמדער זיין. פאר־שטענדליך, אז זיין צער איז גרוים ווען דער נפטר איז א אָפּ־געבראָכענער צווייג פון זיין פאמיליען בוים, דאָ וויינט דאָס הארץ על האי שופרא דבלי בעפרא, וועה צו די שעהנסטע וואָס מוזען ווערקען אין קבר, אין בית מועד לכל חי.

עס גיבען אָבער אויך פאלען וואו דער טויט ריהרט ניט נאָר די הארץ נאָר אויך דעם שכל. עס פיהלען דעם פארלוסט אפילו אזוינע מענשען וועלכע ווערען בכלל פון טויט ניט גע־ריהרט. ירמיה קלאָגט: מי יתן ראשי מים ועיני מקור דמעה, ניט נאָר זיינע אויגען פליסען, נאָר אויך די קאָפּ גיסט מיט קוואַ־לען טרעהרען, ניט נאָר זיין הארץ האָט געפיהלט דעם טיפען חורבן נאָר אויך זיין קאָפּ האָט שמערצליך נאָכגעטראַכט נאָך די תוצאות פון זיין פאָלקס טראַגעדיע. דער שכל וויינט ווען דער נפטר איז ניט נאָר געווען אַ מענש, אַ בשר ודם, נאָר אַ העכערער סאָרט מענש, אַ מענש פון תורה, מצוות און מעשים טובים, און זאָגט: „מי יתן לנו תמורתו, כי יש לכסף מוצא

ומקום לזהב יזוקו, ברזל מעפר יוקח ואבן יצוק נחושה (איוב כ״ח) ארבעה דברים הללו הן תשמישן של עולם ואם אבדו יש להן חלופין, תלמיד חכם שמת מי מחלפו? אַ שאָדען קען ער־זעצט ווערען אָבער ניט קיין מענש, און בפרט א תלמיד חכם, אין אמעריקא א תלמיד חכם איז אבדה שאינה חוזרת, דאָ ווייגט ניט נאָר די הארץ נאָר אויך דער שכל.

ווען רבנו הקדוש איז אויף זיין שטאַרב-בעט געלעגען איז זיין תלמיד ר׳ חיא געקומען איהם מבקר חולה זיין און געפונען איהם וויינענדיג, פרעגט איהם ר׳ חיא מפני מה אתה בוכה והתניא מת מתוך השחוק סימן יפה לו? אמר לו אנא אתורה ומצוות קא בכינא (כתובות ק״ח). זעלבסטפארשטענד־ליך האָט רבנו הקדוש ניט געוויינט צליעב זיין טויט, אזוינע מענשען האָבען פאר׳ן טויט קיין מורא ניט, געוואוסט האָט ער אָבער אַז מיט איהם שטאַרבט אויך אַפּ דער נביא, דער מנהיג הדור, דער מסדר המשנה און אין דיזען הינזיכט איז ער גע־ווים געווען אבדה שאינה חוזרת.

מת פניו כלפי הכותל סימן רע לו, פניו כלפי העם סימן יפה לו, פניו למטה סימן רע לו, פניו למעלה סימן יפה לו. פא־ראן מענשען וואָס דאַרפען זיך שעהמען ביי זייער טויט, זיי קעהרען זייער געזיכט אום צום וואַנט אָדער אַראָפּ צו, זייער אָפּשייד פון דער וועלט, איז אן אָפּשפּיגלונג פון זייער לעבען, רשעים בחייהם קרוים מתים, זיי פארשפּרייטען טויט ביי זייער לעבען און וועגען אזוינע טויטע זאָגט מען: כן יאבדו, ס׳איז אָבער דאָ מענשען וואָס שטאַרבענדיג זיינען זייערע געזיכטער צום פאָלק געווענדעט, זיי האָבען זיך ניט מיט וואָס צו שעה־מען, זייער לעבען איז געווען א חיים של טובה, חיים של ברכה, של שלום, אהבת תורה ויראת שמים, אזוינע מענשען לעבען אפילו נאָכ׳ן טויט, „צדיקים במותם קרוים חיים״, מענשען ווע־לען זיי מיט אַ ברכה דערמאָנען, און דאָס איז די נחמה אין דער שרעקליכער טראגעדיע צו אייך קינדער און פאמיליע.

הנאהבים והנעימים בחיהם ובמותם לא נפרדו, ווי גרויזאם דער טויט זאָל ניט זיין האָט ער דאָך ניט אין גאנצען אָפּגעריסען פון אייך אייער פאָטער, יעדער שעהנער וואָרט וואָס ער האָט גערעדט, יעדע גוטע טהאָט זיינע וועט אייך אינספּירירען, און אויב איהר וועט געהן אין זיינע דרכים וועט ער ניט זיין טויט צו אייך, באורח צדקה חיים ודרך נתיבה אל מות, ער וועט לעבען אין אייך אויב איהר וועט זיין לעבען פאָרטזעצען. אמן.

* *
*

וכתר שם טוב עולה על גביהן.
(אבות).

אַלע מוזען הערען די שטימע פון טויט, אַלט און יונג, רייך און אָרים, יחסנים און איינפאכע, געבילדעטע און אומגעבילדעטע, קטון וגדול שוו, אלע גלייך, דער בית מועד לכל חי, דער קבר איז די אייביגע היים פאר יעדען ילוד אשה. אין מיטען פון אונזער אַרבייט סטאָפּען מיר, זיך צו צוהערען צו די שטימע פון טויט און מיר מוזען איהר פאָלגען „כי אין שלטון ביום המות", קיינער קען ניט קאָנטראָלירען דעם טאָג פון טויט. דוד המלך פרעגט: „הודיעני ד' קצי", ער וויל וויסען דעם טאָג פון זיין טויט, אָבער צו אַזאַ פראַגע ענטפערט מען איהם: „אין מודיעין קצו של אדם", קיינער קען און דארף ניט וויסען זיין ענדע, אָבער פאָרבערייטעט דארף מען אימערצו זיין „שוב יום אחד לפני מיתתך", טהו תשובה איין טאָג פאר דיין טויט, און ווייל דער מענש ווייס דאָך ניט זיין לעצטען טאָג דארף ער יעדען טאָג תשובה טאָן, „בכל עת יהיו בגדיך לבנים, התקן עצמך בפרוזדור כדי שתכנס לטרקלין", גרייט מען זיך צו ביים לעבען

האָט מען שוין ביים שטאַרבען. „כלה נבואתך וצא״ דו האָסט דיינע פליכטען אויסגעפילט און גרייסט זיך צו נעמען אב־שייד פון לעבען, און ס׳איז קיין פראגע פון יאָהרען נאָר פון וויכטיגקייט אין לעבן. „אדם בן שנה יחיה או אלף שנים יחיה כלא היה יהיה״, אַ יאָהר איז אַזוי וויכטיג ווי אַ טויזענד יאָהר, איינער קען אין אַ יאָהר אזוי פיעל אופטאָן ווי אן אַנאַנדער אין טויזענד יאָהר, די וועלט וואָלט גאָר ניט פאַרלאָרען ווען אזוינע ווי די לעצטע וואָלטען כלל ניט געבוירען געוואָרען. דער טויט הייסט זיך ניט שרעקען אָדער וואונדערען ווען ער קומט אָן, ס׳איז גאַנץ נאַטירליך צו שטאַרבען ווי צו ווערען געבוירען,ביידע זיינען ניט ווילקאָמען, על כרחך אתה נולד, על כרחך אתה חי, ועל כרחך אתה מת, למנות ימינו כן הודע ונביא לבב חכמה, לעבען אונז צו צעהלען די טעג אום צו פאַרשטעהן דעם לעבען.

מיר לעבען אין אַ וועלט פון קאָנטראַסטען, ווען אין סכנה, דענקען מיר פון זיכערקייט, ווען אין דער פינסטערניש דענקען מיר פון ליכטיגקייט, ווען אין טרויער דיינקען מיר פון לעבענס פריידען, ווען אין קראנקהייט — פון געזונט, אין דער אָנוועזענהייט פון טויט ערוואַכט מען דעם געדאנק פון לעבענס אינהאַלט און ווערדע „טוב לכת אל בית אבל מלכת אל בית המשתה והחי יתן אל לבו״.

ביים זעהען דעם טויט פאַר די אויגען דענקט מען אַם שטאַרקסטען וועגען לעבען, וואָס איז זיין ציעל, און וואָס הייסט לעבען בכלל? צו וואָס ארבייטען שווער ווען די ענד איז טויט. און ווען מיר רעפלעקטירען די פראגען קומען מיר צום באַשלוס אַז ס׳זיינען דאָ אויף דער וועלט זאכען וועלכע זיינען מעכטיגער ווי דער טויט; עהרע, ווירדע, גערעכטיגקייט, ליבע, געטרייהייט, מצוות ומעשים טובים זיינען מעכטיגער פון טויט, ווייל פיעל מענשען וואָלטען בעסער דעם טויט אויסקלייבען איידער אַ לעבען פון שאַנדע, פארברעכען און פאַלשקייט...

רבי אומר: איזוהי דרך ישרה שיבור לו האדם? כל שהיא תפארת לעושיה ותפארת לו מן האדם. די ריכטיגע וועג פאר אַ מענשען איז די וועלכע קען צופרידען שטעלען זיין געוויסען גוט צו גאָט און גוט צו מענשען.

דריי פריינד האָבען מיר ביים לעבען זאָגען די חז"ל: קינדער, געלד און מצוות ומעשים טובים. קינדער ווי גוט זיי זאָלען ניט זיין קענען געהן ביז'ן קבר אָבער דער לעבען מוז אָנגעהן, זיי מוזען זיך אומקעהרען צום לעבען, צו זייערע פאַמיליען; געלד איז אַ גוטער פריינד ביים לעבען, אפשר דער בעסטער, אָבער אויסקויפען זיך פון טויט קען מען ניט כי אין שלטון ביום המות, מען קען עס ניט מיטנעהמען אין קבר און אַמאָל איז ועזבו לאחרים חילם. אונזער גאנצער האָרעוואניע לאָזען מיר אָפטמאָל איבער צו אנדערע פרעמדע, פרעמד אין גייסט אפילו ווען זיי זיינען אונזערע קינדער; מצוות און מעשים טובים באַגלייטען אונז ביז אין דער אייביגקייט און מאַכען אונז אומשטערבליך, בדרך צדקה חיים ודרך נתיבה אל מות, צדק לפניו יהלך וישם לדרך פעמיו, אין'ם צדקה וועג איז אייביגע לעבען, „ולא עוד אלא שבשעת פטירתו של אדם אין מלוים לו לאדם לא כסף ולא זהב ולא אבנים טובות ומרגליות אלא תורה ומעשים טובים בלבד" (אבות). ס'איז געווען דער וועג וועלכען דער נפטר האָט אויסגעקליבען, דאָס איז געווען זיין רעליגיאָן, גוט צו גאָט, צו זיין פרוי און קינדער און גוט צו מענשען, און העכער פאר אלעס איז דער קרוין פון אַ גוטען נאָמען, אַ נאָמען וואָס ווערט ביי אלע וואָס האָבען איהם געקענט מיט אַ ברכה דערמאָנט, שלום לעפרו, אמן.

* *
*

# פאר פרויען

בת היתה לאברהם ובכל שמה.

מיר זיינען צוזאמענגעקומען אפצוגעבען דעם לעצטען כבוד צו א פרוי, א מוטער אן אם בישראל. פון די אלע שעהנע אויסדריקע אין דער מענשליכער שפראך, איז דאסווארט מו־טער, מאמע, דאס שעהנסטע און רייכסטע, קענען מיר נאך רופען „מאמע" זיינען מיר נאך קינדער און פיהלען זיך יונג, אבער ווען דער ווארט „מאמע" ווערט פון אונז אוועקגענומען פיהלען מיר זיך היימלאז און פאר'יתום'ט, מיר ווערען אלט פאר דער צייט, קיינער איז ניט אזוי געטריי אונז ווי א מאמע, די מאמע איז די הארץ פון דער פאמילע, איהר הארץ קלאפט פאר אלע איהרע קינדער גלייך מיט דער זעלבער מאס, ווארום צו ווען מען מעהר קען מען זיך פארטרויען ווי צו א מאמען אין פריידען, צו אין ליידען? מיר זיינען דא געקומען אפצוגעבען דעם לעצטען כבוד ניט נאר א מאמען נאר אויך א פרוי, וועלכע דער גרויזאמער טויט האט אוועק געריסען פון איהר געליבטען מאן, מיט וועמען זי האט זיך פארבונדען אויף אייביג.

די חז"ל זאגען: „כל מי שמתה עליו אשתו הראשונה אפילו מזבח מוריד דמעות", דער מזבח וויינט ווען א פרוי שטארבט. וואס האט דער מזבח צו טאן מיט א פרוי'ס טויט? נאר די חז"ל ווילען פארשטעלען ווי טיעף די טראגעדיע איז ווען א פרוי ווערט אפגעריסען פון איהר מאן און איהר היים דורכ'ן טויט. שטעלט זיך פאר א מענש אן אכזר, א מענש וואס האט פארגעניגען פון בלוט פארגיסונג, א פעטלורא, א היטלער, א פאגראמטשיק וואס איז איינגעוויונט בלוט צו פארגיסען זאל זיך אמאל צו וויינען, און אויב מיר זעהן אזא וויינען — ווייזט עס ווי שרעקליך טיעף די טראגעדיע איז און ווי שמערצ־ליך דאס איז אז אפילו אזא מענש איז שוין אויך געריהרט

געוואָרען, אזוי טיעף איז די טראגעדיע ווען די פרוי, די אשת נעורים, וועלכע דערמאָנט אונז אָן די בעסטע פריהלינגס יאָה־רען, ווערט פון אונז אָפּגעריסען דורכ'ן טויט, דאָס אפילו דער מזבח וועלכער איז איינגעוואוינט צו בלוט פארגיסונג און שמערצליכע ליידען, פארגיסט טרעהרען. און דעריבער זאָ־גען די חז"ל „כל אדם שמתה אשתו בימיו עולם חשך בעדו" (סנהדרין כ"ב) שנאמר אור חשך באהלו ונרו עליו ידעך (איוב י"ח) ביתו זו אשתו. די אידישע חכמים האָבען דער „פרוי" גערופען „היים", א פרוי מאַכט אַ היים, ווי רייך מען זאָל ניט זיין אויב מען האָט קיין היים ניט איז מען אָרים. עס איז קיין גייסטיגער גענוס ניטאָ ווען נאָך אַ שווערען אר־בייטס טאָג קומט מען אַ היים און מען געפינט אין דער היים אַ ליבענסווירדיגע פרוי, וועלכע מיר קענען טרויען און אויסריי־דען פאר איהר אונזער הארץ. „אשתך כגפן פוריה בירכתי ביתיך, בניך כשתילי זיתים סביב לשלחנך, הנה כי כן יבורך גבר", דאָס איז די שעהנסטע מתנה מיט וואָס גאָט האָט די מענשהייט באַשאָנקען אויף דיזען עמק הבכא, די איינציגע אמת'ע ליכט, דאָס איז זיין ברכה.

און איצט שטעהט דער מאַן געבראָכען מיט אַראָפּ גע־לאָזענעם קאָפּ, איבער'ן ארון וואָס ענהאַלט די פארקערפּערונג פון זיסע זכרונות, ווער וועט פארנעמען איהר פלאַץ, אַ מוטער צו די קינדער וועלכע זיינען איהר אזוי טייער געווען, „קמו בניה ויאשרוה בעלה ויהללה, מיר באַוויינען ניט נאָר אַ מאַמע פון קינדער, אַ פרוי פון אַ מאַן און אַן אשת חיל, בת היה לאברהם ובכל שמה, אין דיעזע בת ישראל איז קאָנצענטרירט אַלע גוטע מדות, „בכל" אַן אמת'ע אשת חיל. „חיל" זאָגען חז"ל מיינט: חסד, יראה, למוד. „חסד" מיינט צדקה, זי איז אַ בעלת צדקה געווען, כפה פרשה לעני וידיה שלחה לאביון. ניט נאָר איהר היים האָט זי ליכטיג און פרעהליך געהאַלטען, נאָר אויך אַנדערע היימען האָט זי געוואַרעמט, באַלויכטען און

לעבען ארייננעבראכט. זי איז געווען אַ מאַמע צו יתומים, געגעבן הונגעריגע עסען און נאַקעטע באַקליידעט. „יראה", אַ גאָטספאָרכטיגע איז זי געווען, שוהלען געשטיצט, תלמוד תורות אויפגעהאַלטען, געהיט שבת, יום טוב, געצונדען שבת ליכט און דורך דעם האָט זי געגעבען איהר היים אַ פייערליכ־קייט, נשמה יתרה'דיג. „למוד" זי האָט מדריך געווען איהרע קינדער בדרך הישר ולתורה, האָט זיי געגעבען אַ גוטע ער־ציהונג אלס אידען און מענשען.

„עוז והדר לבושה ותשחק ליום אחרון", איהר לבוש איז געווען שטאַרק און שעהן פאַר דער אויסערליכער וועלט בין אדם לחבירו און שטאַרק אינערליך פאַר גאָט, בין אדם למקום איז דערפאַר „ותשחק ליום אחרון" האָט זי קיין מורא ניט פאַר'ן טויט, זי בלייבט אימער אין זכרון ביי מענשען.

* *
*

## פאַר יונגע קינדער

כי לא ידע האדם את עתו כדגים שנאחזים במצודה רעה וכצפרים הנאחזות בפח.

מיר טרויערען מעהר אויף דעם טויט פון יונגע קינדער ווי אויף אַלטע מענשען. שטאַרבט אַן עלטערער — איז עס נאַטירליך, דער מענש קען ניט לעבען אייביג, „והאורב יושב לו מאחוריו", גלייך פון געבורט געהט מען צום טויט נעהנטער. און פונקט ווי די זון, נאָכ'ן ארומדרעהען איהר קרייז אין'ם מהלך פון טאָג לעשט זיך בין השמשות אויס, אזוי איז דער מענש, זיין לעבענס ליכט מוז זיך אויסלעשען, אָבער אין טויט פון יונגע קינדער פיהלט זיך ווי די זון וואָלט זיך פלוצים אויס־

געלאָשען אין פריהמאָרגען, אָדער ווי זי וואָלט געוואָרען פאר־פינסטערט ווען זי איז אין איהר זעניט אין רעכטען מיטען טאָג.

די זכרונות נאָך דעם טויט פון עלטערע מענשען זיינען פּיליכט אַ ברכה, זיי דערמאָנען אונז דעם הערבסט און פאר־וואָלקונג, ווען הימלען ווערען פאַרוואָלקענט און בלעטער פּאַ־לען, אָבער אין דעם טויט פון יונגע פארבלייבען אין אונזערע זכרונות געשטאַלטען פון יוגענד, שעהנקייט פון בלומען וועל־כע פאלען אוועק אין פריהלינג און דער קלאַנג פון זייערע זיסע שטימען קלינגען אָפּ אין אונזערע הערצער.

מה בין מיתת נערים למיתת זקנים? וואָס איז דער אונטערשיעד צווישען יונגע און אַלטע שטאַרבענדיג? „הנר והפּתילה הפּרי והתאנה, איינער איז געגליכען צו אַ ליכט וואָס געהט אוים אין מיטען ברענען אָדער ווען אַ פּרי פאלט אַרונטער בעפאָר זי איז צייטיג. אוי לפּרי ואוי לתאנה, וועה צום בוים, וועה צו דער פּרי.

דודי ירד לגנו לערוגת הבושם לרעות בגנים וללקוט שושנים. מיין געליבטער, גאָט, איז אַרונטער אין גאָרטען און אויסגעריסען אַ שעהנע ראָזע, אַ שמעקענדיגען בלום, גאָט איז אריין אין דעם הויז און ארויסגעריסען פון עלטערען אַ שעה־נעם בוים, אַ קינד אין רעכטען בליהען, ווי א פּישעלע, וועל־כע שווימט זאָרגלאָז אין וואסער, אָדער ווי אַ פויגעלע וועלכע פליהט פון בוים צו בוים און זינגט זאָרגלאָז אָבער ווערט פּלוצים געפאנגען אין נעץ פון יעגער.

אזוי איז געווען גאָט׳ם ווילען, את הטוב נקבל ואת הרע לא נקבל? ווען אהרן הכהן האָט זיינע צוויי זיהן, נדב ואביהו, פארלאָרען, זאָגט די תורה וידם אהרן, אהרן האָט גע־שוויגען, ניט מתרעם געווען, זאָגענדיג ד׳ נתן וד׳ לקח יהי שם ד׳ מברך, גאָט האָט געגעבען און צוגענומען, זאָל ער גע־בענשט ווערען. דעם קינד האָט איהר, ליבע עלטערן, באַקו־

מען אלם משכון פאר אַ געוויסע צייט און היינט איז געקומען דער בעל הפקדון, גאָט, און צוגענומען דעם משכון. דער פאל פון דעם טויט פון רבי מאיר און ברוריה׳ס זיהן, וועלכע האָט געפרעגט איהר מאן א דין אויב דער בעל הפקדון קומט עס נעהמען צו דארף מען אָוועקגעבען. „זיכער” האָט ר׳ מאיר געענטפערט, — נו, אויב אזוי, האָט זי איהם געטרייסט, האָט גאָט זיין פקדון זיך צוגענומען און יהי שם ד׳ מברך.

# דרוש להקמת מצבה

## געהן מיט גאָט

ויחי חנוך חמש וששים שנה ויולד את מתושלח, ויתהלך חנוך את האלהים אחרי הולדו את מתושלח שש מאות שנה ויולד בנים ובנות, ויהי כל ימי חנוך חמש וששים שנה ושלש מאות שנה ויתהלך חנוך את האלהים ואיננו כי לקח אותו אלהים.
(בראשית ה׳).

לעזענדיג פרשה ה׳ פון חומש בראשית דוכט זיך אַז מיר שטעהען אויף אַ בית הקברות און לעזען די אויפשריפטען אויף מצבות פון די מענשען וואָס האָבען געלעבט פאַר׳ן מבול. די ביאָגראַפען — קורץ: געבוירען, געלאָזען קינדער און גע־שטאָרבען, נאָר אין מיטען בית הקברות זעהט זיך אַ לעדיגער פּלאַץ, גאָר ניט אויפגעשריבען אָדער ס׳זעהט זיך בלויז דער אויפשריפט „ואיננו כי לקח אותו אלהים״, עפּעס איז דער חנוך מענש אַנדערש געווען פון זיינע שכנים און נאָכפאָלגער, זיין ביאָגראַפיע איז לענגער און אינהאַלטס־רייכער, וואָס אַנבע־לאַנגט יאָהרען האָט ער ווייניגער ווי זיי אלע געלעבט, נאָר דריי הונדערט מיט פינף און זעכציג יאָהר, נאָך גאָר אַ יונגערמאַן אין פאַרגלייך מיט די לאַנגע יאָהרען פון יענעם דור. ס׳איז באַמער־קונגסווערט אַז חנוך איז דער זיבעטער אין דער ליניע פון אדם, און אַלס אַזעלכער האָט די אידישע טראַדיציע וועלכע האָט אַנ־ערקענט דעם זיבעטען אלס הייליג, געמאַכט אַן אויסנאַם מיט דעם מענשען חנוך. דער נאָמען חנוך איז אויך באַמערקונגס־ווערט, עס מיינט אָנפאַנגען, ערציהען, מיט איהם הויבט זיך אן

אַ נייע פּעריאָדע אין דעם פאר'מבול'דיגען דור. ער איז גע־גאַנגען מיט גאָט און האָט ניט געדארפט קיין מצבה פון שטיין און מארמאר, וועלכע ווי שעהן ס'זאָל ניט זיין געפּיילט איז עס דאָך ניט מעהר ווי שטיין וועלכער מוז מיט דער צייט צו־פאלען.

אין עושין נפשות לצדיקים קבריהם הן זכרונן (שקלים ח') פאר צדיקים דארף מען קיין שטיינערנע מאנומענטען ניט האָבען. זייערע מעשים מאַכען זיי אונפארגעסליך און ווערען דאַדורך אייביג דערמאָנט. ס'איז אויך ניט וויכטיג און נויטיג צו לעבען לאנג אום זיך צו פארדינען אָדער ערגרייכען אַ לענגערע ביאָגראפיע מיט אַ לאַנגען צעטעל פון שבחים, כמעט אַלע גרויסע מענשען וועלכע האָבען אויסגעטראָטען נייע וועגען אין דער מענשליכער געשיכטע האָבען ניט לאנג געלעבט, זייערע נשמות, גייסטער זיינען שטאַרקער ווי זייערע קערפּערס. חנוך האָט בלויז דריי הונדערט מיט פינף און זעכציג יאָהר געלעבט כמנין ימות החמה, די צייט וועלכע עס דויערט דער ערד זיך ארומדרעהען ארום דער זון, יום לשנה יום לשנה איין טאָג פון חנוך'ס לעבען איז ווערט געווען אַ יאָהר פון אַנאַנדערענס לעבען ווייל ער איז געגאנגען מיט גאָט, אַ גאָלדענער יאָהר פון דריי הונדערט מיט פינף און זעכציג זונען.

אין פארגליך מיט זיינע מיטמענשען איז חנוך יונג געשטאָרבען. נשמות פון גרויסע מענשען ווערען קיינמאָל ניט אַלט. אַ קערפּער ווערט אַלט און שוואַך אָבער ניט קיין נשמה. גאָט ווערט ניט אַלט, דער פּרינציפּ פון וואקסען געהט דורך ווי אַ רויטער פאָדים די גאַנצע בריאה, די גאנצע נאַטור, און דער מענש וואָס געהט מיט גאָט קעהן קיינמאָל ניט אַלט ווערען.

צדיק כתמר יפרח כארז בלבנון ישגה. דער טייטעל בוים איז אַלע מאָל יונג, שווער צו באַמערקען אויף איהם סמנים פון אַלטקייט. זיינע צווייגען צואוואקסען זיך ברייטער און העכער יעדען מאָל ווען זיינע אונטערשטע טיילען ווע־

רען צופוילט און פאַלען אַוועק. אויך דער טענענבוים ווערט קיינמאָל ניט אַלט און די ארזי הלבנון אויף וועלכע דוד האָט געקוקט אין זיין צייט שטעהען נאָך עד היום. אזוי זיינען די צדיקים שתולים בבית ד׳, בחצרות אלהינו יפריחו, ווייל זיי זיינען געפלאַנצט אין גאָטס הויז.

מען קען ניט מעסטען זיינע מיטמענשען מיט זיין אייגענער מאָס, ווייל ביי זיי איז די מאָס פון לאַנג לעבען. ביי חנוך אָבער איז די מאָס אַ גייסטיגע, עס רעזומירט זיך אין די ווערטער: „ער איז געגאנגען מיט גאָט", ביים שלום פון זיין פינף און זעכציג יאָהר לעבען, דערצעהלט ניט די תורה די געוועהנליכע ווידערהאָלונג „און חנוך האָט געלעבט" נאָר ויתהלך את ד׳, ספאַנטאַן, פיזיש, אומבאַוואוסטזיניג האָט ער זיך פלוצלונג מאַראַליש אַ הויב געטאָן, די תורה גיט ניט אָן קיין אורזאכען וואָס האָבען איהם באַוועגט צו דעם געהן מיט גאָט, עס זעהט זיך ניט אַזאַ איבערגאנג מיט די פיזישע אויגען, דער עפעקט לאָזט זיך זעהן אָבער ניט דער פּראָצעס. מיר זעהן די תוצאות פון אַ פלאַנצונג אָבער ניט דעם פּראָצעס פון וואַקסען, אַ מאָלער קען אַ וואָלקען מאָלען אָבער ניט קיין שטורם. פינף און זעכציג יאָהר האָט חנוך געלעבט אָבער דריי הונדערט יאָהר איז ער נאָכהער מיט גאָט געגאַנגען, און וואָלט ער נאָר געלעבט מיט זיינע חושים ווי בעפאָר וואָלט די תורה צוגעשריבען „וימת" ווי צו אלע מיטמענשען זיינע. ער איז געשטיגען אין מדרגה, ער זעהט גאָט, ער ווערט אומשטערבליך און האָט גובר געווען דעם טויט.

אינטערעסאַנט איז בלויז דאָס, וואָס אין זיין העכערער מדרגה, זייענדיג מיט גאָט, איז ער נאָך אַלץ ערדיש, ער געהט מיט גאָט און האָט ערדישע פליכטען, און אין זיין ערשטער לעבענס פעריאָדע ערציהט ער אַ זוהן וועמען ער האָט געבאָרען, אין זיין צווייטען פעריאָד ווען ער געהט מיט גאָט, וואָלטען מיר ערוואַרטען פון איהם צו ווערען א מתבודד, אין אַ מדבר

געהן צו פארברייינגען איינזאַם, איזאָלירט פון מענשען, מיט זייערע אלטעגליכע פּראָבלעמען. אָבער געהן מיט גאָט הייסט נאָך ניט אויסמיידען צו געהן מיט מענשען, ער איז ניט קיין בראַהמין, קיין בודיסט, ער איז קיין אַסקעט, ער שווימט ניט צווישען די וואָלקענס ווען ער געהט ארויף צו גאָט, ער געהט אַרויף באַרג צו זעהן גאָט, בהר ד׳ יראה, אָבער ער ני־דערט אַראָפּ צו זיינע מיטמענשען, און מיר זעהען אין איהם דעם זעלבען פּאָטער, ויתהלך חנוך את האלהים אחרי הולידו את מתושלח שלש מאות שנה ויולד בנים ובנות מיט די אל־טעגליכע ערדישע פליכטען אין דער געזעלשאַפט. אויסער־ליך איז זיין לעבן ניט אַנדערש ווי דער לעבען פון זיינע מיט־מענשען. דער וועג איז דער זעלבער, דער אונטערשיעד איז נאָר אין דער קאמפּאניאָן, זיין באַגלייטער אויפ׳ן לעבענס וועג, וועלכער איז אין דיזען פאל גאָט. מען קען מיט גאָט געהן אין די הימלען, מען קען אויך מיט גאָט געהן אויף דער ערד, און די ערד ווערט דאַן ניט אַזוי מגושמ׳דיגער, אזוי שטויביג, די הימעלשע אַטמאָספערע דרינגט דאַן דורך אַלע ווינקלען פון דעם ערדישען לעבען און די ערדישע פליכטען האָבען איהם ניט געשטערט צו געהן מיט גאָט. דייטליכער מיינט עס, אַז זיינע טעגליכע פליכטען אלס פאָטער און מענש האָבען איהם ניט געשטערט אָפּצוהיטען אידישקייט.

„עני ועשיר באים לדין, לעני אומרים לו: מפני מה לא עסקת בתורה? אם אמר עני היה וטרוד במזונותיו היה, אומרים לו כלום אתה עני יותר מהלל? לעשיר אומרים לו: מפני מה לא עסקת בתורה, אם אומר עשיר היה וטרוד בממון היה, אומרים לו, כלום היה עשיר מרבי אלעזר בן חרסום (יומא ל״ה) אויב מען וועט דעם אָרימאן פרעגען ווארום האָט ער קיין תורה ניט געלערענט, ניט געגאנגען אין גאָטס וועגען און ער וועט זיך וועלען פארטיידיגען מיט זיין ארימקייט, וועט מען איהם דערצעהלען איבער הלל׳ן, וועלכער איז געווען א

גרויסער אָרימאַן און האָט אַ טרפעיק פארדינט און מיט דעם האָט זיך געטיילט זיין פאַמיליע, האָט זיך באַנוגענט אויף צו לעבען מיט אַ האַלבען טרפעיק און דעם אַנדער האַלבען האָט ער דעם שול שמש אוועקגעגעבען, פאר׳ן לאָזען איהם אריין געהן הערען שמעיה און אבטליון׳ס תורה. און וועט זיך יעמאַנד ענטשולדיגען צוליעב ביזנעס, געשעפטליך גע־ווען זעהר פארנומען און ניט געקענט לערנען תורה, וועט מען איהם אָנווייזען אלעזר בן חרסום, וועלכער האָט פון זיין פאָ־טער גע׳ירש׳ענט טויזענד שטעט און טויזענד שיפען און דאָך פלעגט ער וואנדערען פון שטעטעל צו שטעטעל, מיט אַ זעקעל מעהל פאר׳ן געברויך, און לערנען תורה מיט׳ן עולם. נמצא הלל מחייב עניים ואלעזר בן חרסום מחייב עשירים, חנוך איז מחייב אַלע מענשען די הימלעשע און ערדישע צוזא־מען. און דאָ ליגט די פילאָזאָפי פון דער אידישער רעליגיאָן געמעס צו די אַנדערע רעליגיאָנען. אידישקייט פאָדערט ניט קיין התפשטות הגשמיות צו דערגרייכען רוחניות. אידיש־קייט לערענט אַז די ערד געהערט אויך גאָט ווי דער הימעל, ווייל ביידען האָט גאָט גלייך בעשאַפען. לא לתוהו בראה אלא לשבת יצרה, גאָט האָט די ערד ניט באַשאַפען צו פוסטעוועז נאָר באַזעצט צו ווערען מיט מענשען. און אין דער פאמיליע געפינט אידישקייט דעם העכסטען, שעהנסטען אידעאַל. הייליגע פייערען ביי אידען ברענען ניט אויף בערג שפיצען נאָר אין דער היים און פאַמילע, חנוך איז די אָפשפיגלונג פון צוזאמענ־האַנג צווישען רעליגיאָן און מאָראל, און דאָס לערענט אונז אַז צו פיהרען אַ מאָראַלישען געטליכען לעבען, פיהרט צו אומשטערבליכקייט...

ויתהלך חנוך את האלהים ואיננו כי לקח אותו אלהים, ווייל חנוך איז מיט גאָט געגאנגען איז ער דערפאר ניט גע־שטאָרבען ווי אלע אנדערע, נאָר ער „איז ניט געוואָרען", ווייל גאָט האָט איהם צוגענומען. ער איז צוגענומען געוואָרען

פונקט ווי אליהו הנביא „היום לקח אדונך"! אזוינע מענשען שטאַרבען ניט, זיי זיינען קיינמאָל טויט, זייער לעבען איז ניט אַזאַ וואָס האָט פּאַסירט אין דער פאַרגאַנגענהייט, נאָר איז אַ אייביגער געגענוואַרט, וועלכער אינספּירירט די צוקונפטיגע דורות, אַזוינע גייסטער שטעהן העכער פאַר צייט און רוים.

און דאָ ליגט אויך דער סוד הקיום פון אידישען פאָלק, אונזער זכות הקיום איז נאָר גאָטהייט, ווייל דאָס האָבען מיר בייגעשטייערט דער וועלט און אַ דאַנק אונזער געטליכע מאָ־ראַל זיינען מיר אומשטערבליך.

מי יעלה בהר ד׳ ומי יקום במקום קדשו, נקי כפים ובר לבב אשר לא נשא לשוא נפשו ולא נשבע למרמה, צו זיין אַ נקי כפים ובר לבב מיינט צו געהן מיט גאָט. (נאָטיץ: דאָ איז אָם פּלאַץ צו דערמאָנען פּערזענליכע שטריכען פון דעם נפטר).

אין עושין נפשות לצדיקים, אמת טאַקע צדיקים ווערען ניט פאַראייביגט דורך מאָנומענטען אָדער מצבות, ס׳איז אָבער אויך אמת, אַז יעקב האָט יאָ אַוועקגעשטעלט אַ מצבה אויף רחל׳ס קבר. „ויצב יעקב מצבה על קברתה היא מצבת קבורת רחל עד היום" (בראשית ל"ח). און לויט׳ן תלמוד איז רחל געווען אַ צדקת, צוליעב איהר צניעות האָט זי זוכה גע־ווען אַז פון איהר איז ארויסקומען „שאול" (מגילה י"ג).

לאָמיר אָבער פאַרשטעהן דעם אויסדרוק פון אין עושין נפשות לצדיקים. ס׳איז אמת אַז זייערע רייד מאַכט זיי צו דערמאָנט ווערען ניט נאָר ביי זייערע מיטמענשען, נאָר אויך ביי די צוקונפטיגע דורות, אָבער ווי אַזוי וועלען מענשען וויסען אין דער ווייטער צוקונפט, וואו עס איז דער רוה פלאַץ פון די יעניגע וועלכע זיי דערמאָנען? די מצבה, הגם זי איז פון שטיין האָט זי דאָך אַ גייסטיגע ווערדע.

צווישען אונז געפינען זיך פיעלע איינגעוואַנדערטע וואָס ביים עמיגרירען און באַזעצען זיך אין דעם לאַנד האָבען

זיי די אידישקייט צוזאמען מיט'ן שטויב פון יענעם לאנד ארונטערגעוואָרפען פון זיך, באַטאָנענדיג: כ'בין דאָך אין אַמעריקא, און דאָס איז שוין א תירוץ מספיק פאר אלעס, דער מקום און די צייט זיינען גורם, אָבער ווען איך קען אָנציי־גען אויף אַ מצבה, אויף אַ בית הקברות און באַטראַכט מצבות פון נפטרים אָדער נפטרות, די זיינען אויך אַריבערגעקומען אַהער פון דער אַלטער היים, און האָבען דאָך קיין אידישקייט ניט אוועקגעוואָרפען, די לאנד האָט פאר זיי ניט גורם געווען און זיי ניט געצוואונגען אוועק צו ווארפען כשרות, שבת, יום טוב, שוהל, ישיבה, אלעס וואָס איז הייליג ביי אידען, און האָבען אפילו דאָ אין לאנד אָפּגעהיט אידישקייט ווי ביי זיך אין דער אַלטער היים, דאן וועט ערוואַרכען אויך אין אייך אַ פונק פון צוגעבונטקייט צו די אָבגעריסענע הערצער און ווע־לען געהן אין זייערע דרכים.

אויך איהר קינדער, הגם איהר זייט אַמעריקאַנער, ווערט אויך געפינען אַ קוואַל פון טרייסט און ערמוטיגונג אין די שטילע שפּראַך פון דיזען שטיין, ווען איהר ווערט קומען אַמאָל באַזוכען דעם פּלאַץ, אויסגיסען אייערע הערצער אויף אייערע עלטערנס קבר, דאן וועלען ארויף אויפ'ן געדאַנק ביי אייך די זכרונות פון אייער אייגען פארגאנגענהייט, ווען איהר זייט קינדער געווען אונטער דער אויפזיכט פון ליבע און געטרייע עלטערן, איהר ווערט זיך דערמאָנען אָן די ליידען וועלכע זיי האָבען מיטגעמאַכט ביז זיי האָבען אייך ערצויגען אלס מענ־שען, ווערט זיך ביי אייך דערוועקען דער געפיהל און דער ווי־לען צו געהען אין זייערע וועגען, צו טרייען אָנצוהאַלטען אי־דישקייט ווי זיי האָבען אָנגעהאַלטען.

אָט די מצבה צייכענט אָן דעם פּלאַץ וואו איהר דאַרפט אַמאָל קומען אויסגיסען דאָס אָנגעוועהטאָגטע הארץ און גע־פינען אָן ערלייזונג פון די אנגסטען פון לעבען. פונקט ווי כלב האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף די קברים פון די אבות —

הלך ונשתטח על קברי אבות, ווען זיין האַרץ האָט געוועהטאָגט פון יסורים איבער די פאלשקייט פון די מרגלים. די חז״ל פרעגען: מה ראה יעקב לקבור את רחל בדרך אפרתה? אלא צפה יעקב אבינו שהגלות עתידות לעבור שם, לפיכך קברה שם, כדי שתהא מבקשת עליהם רחמים, הה״ד קול ברמה נשמה נהי בכי תמרורים, רחל מבכה על בניה. רחל די צדקת האָט טאַקע ניט געדארפט קיין מצבה, איהרע רייד, איהרע צדקות זיינען געגוג געווען איהר צו פאראייביגען אָהן אַ מצבה, אָבער די תורה זאָגט ניט היא „מצבת רחל״, דאָס איז אַ מצבה פאר רחל נאָר „מצבת קבורת רחל״ אַ מצבה וואָס צייכענט אָן וואו רחל׳ס קבר איז, כדי די גולי בבל, און רחל׳ס קינדער פון אלע צייטען זאָלען קומען אַהין אויסגיסען זייערע ביטערע הערצער און גאָט זאָל לאָזען הערען זיין טרייסט וואָרט איבער׳ן קבר פון רחל.

אין דעם נאָמען פון דער פאַמיליע דערקלער איך דיזע מצבה געהייליגט און אויפגעדעקט. זאָל די וועלט קומען און לעזען דעם אויפשריפט אויף דיזער מצבה קורץ געשריבען, אָבער דערצעהלט פיעל זעהר פיעל פון אַ מענשען וועמענס אַוועקגאַנג איז אַ גרויסער פארלוסט, אבדה שאינה הוזרת המקום אשר אתה עומד עליו אדמת קדש הוא.

גאָט זאָגט „נחמתי כי עשיתים״ איך האָב חרטה פאַרוואָס איך האָב באַשאַפען דעם מענשען, דער מענש איז פאַרדאָרבען, די ערד איז פארדאָרבען „ותמלא הארץ חמס״ כי השחית כל בשר את דרכו על הארץ, זאָגט גאָט, איך וועל ברייגגען אַ מבול אויף די ערד וועלכע וועט פארפלייצען די ערד, מענשען און באַשעפענישען, את כל היקום, אָבער אין דער זעלבער צייט זוכט גאָט עפּעס אַ זכות פאר׳ן מין האנושי איהם ניט אויסצומעקען אין גאַנצען. שיקט דער כביכול מלאכים אַרונטער זיי זאָלען עפּעס אַ זכות געפינען. די מלאכים זיינען אַרונטער און געפונען שעהנע בלומען און

ברייִנגען עס צום כביכול און בעטען זיך ווען הרוב מאַכען אַ וועלט מיט אַזוינע שעהנע בלומען, ענטפערט דער כביכול יבש חציר נבל ציץ, שעהנקייט איז ניט קיין אייביגקייט, דער זכות איז ניט שטאַרק גענוג מיר צו באַוועגען מייִן גזר צו־ריק צו ציהען. האָבען די מלאכים דערזעהן אַ קינד ליגט אין וויג און שמייכעלט, האָבען זיי דעם נאַאיווען ליבען קינדישען שמייכעל אויפגעכאַפּט און געבראַכט צו גאָט, ווען רבש״ע צושטערען אַ וועלט וואָס פאַרמאָגט אַזוי פיעל קינדערשע אומשולד ווי מיר מלאכים. אָבער איידער וואָס ווען האָט זיך דער מלאך׳ל אויפגעכאַפּט מיט אַן געוויין און אַ געשריי און דער ליעבליכער שמייכעל איז פאַרשוואונדען. זייִנען די מלאכים ווידער אַרונטער זוכען אַ זכות און זיי זייִנען אַריין אין אַ פאַ־מיליען הויז וואו מען לעבט בשלום און די שכינה רוהט אויף אַלעמען, „אשתך כגפן פוריה בירכתי ביתך בניך כשתילי זיתים סביב לשלחנך״. און די מלאכים זייִנען אַרויף צום כביכול און געזאָגט: ניט אַלעס איז פאַרדאָרבען, שלום איז נאָך דאָ ביי מענשען און גאַנצקייט ביי פאַמיליען. „אויב אַזוי, זאָגט גאָט, נו זאָל דער מענשליכער מין ניט ווערען אין גאַנ־צען אָפּגעמעקט״, און נח האָט חן געפונען אין גאָט׳ס אויגען, און ער און זייִן פאַמיליע זייִנען געראַטעוועט געוואָרען פון אונטערגאַנג. וואָס אונזערע שונאים זאָלען ניט אויסטראַכ־טען וועגען אונז אָבער פאַר קיין פאַל קענען זיי ניט אָפּלייקע־נע אונזערע פאַמיליען גאַנצקייט.

איהר קינדער, מיט דיזען אַקט פון אויפדעקען די מצבה אויף דעם קבר פון אייער פאָטער (מוטער) האָט איהר אָפּ־געגעבען דעם לעצטען כבוד און זייִן (איהר) אנדענקען. איהר האָט אַ גאַנץ יאָהר קדיש געזאָגט, תפלה געטאָן פאַר זייִן (איהר) נשמה, געגעבען צדקה, געשטעלט די שעהנע מצבה, מכבדו בחייו, מכבדו במותו, איהר קענט עהרען דעם נאָמען פון אייערע עלטערן דורך לעבען פאַמיליען פריינטליך און פאַרט־

זעצען זייער אידישען לעבען און אלעם וואָס איז געווען און איז שעהן אידעאַליש און נאָבעל, און דאַדורך וועט אייך גאָט מאריך ימים ושנים זיין און אייערע פאַמיליען וועלען זיך האַל־טען צוזאמען אויף לאַנגע יאָהרען, אמן.

---

# תורה, עבודה וגמילות חסדים

## אַפּיעלס פאַר תלמוד תורה, שוהל, פאַר עוסקים בצרכי צבור, פאַר בית יתומים, בית מושב זקנים און פאַר גמילות חסדים חברה

שמעון הצדיק היה משירי כנסת הגדולה;
הוא היה אומר: על שלשה דברים העולם
עומד, על התורה, על העבודה ועל גמילות
חסדים.

(אבות א,).

קיינמאָל האָט זיך נאָך אַ מענש אַזוי קורץ און בינדיג אויסגעדריקט וועגען מענשענס פאַרהעלטענים צו זיך זעלבסט, צו גאָט, און צו דער וועלט, ווי שמעון הצדיק טהוט עס אין דעם קורצען מאמר. די דריי באַגריפען: תורה, עבודה און גמילות חסדים שטעלען מיט זיך פאָר די אורזאך, סבה און דעם תכלית אין דעם קיום פון דער וועלט.

דער בעל המאמר זאָגט ניט: על שלשה דברים „האדם עומד" נאָר „העולם", ווייל די דריי פּרינציפּען פון „זעלבסט", „גאָט" און „אַנדערע", עקזיסטירען ניט נאָר אין מענשען נאָר אויך אין דער גאַנצער נאַטור, אין וועלטאַל, פאַרשטענדליך אַז די דריי יחוסים דריקען זיך אויס בעסער אין מענשען, דער בחיר היצורים דורך וועמען די גאַנצע בריאה קריגט איהר תקון.

יעדע זאַך וואָס געפינט זיך אין דער בריאה האָט אַ זכות הקיום אַן און פאר זיך זעלבסט. פון דעם עלפאַנט ביז צו דער קלענסטער פליג, פון דעם בארג ביז'ן קלענסטען זעמ-

דעלע, פון העכסטען בוים ביז'ן קלענסטען גרעזעל, האָט יע־דע ערשיינונג אַ עקזיסטענץ באַרעכטיגונג.

דער רמב"ם אין זיין הקדמה צום סדר זרעים זאָגט: „דע כי הקדמונים חקרו חקירה עצומה... עד נתקיים אצלם שכל דבר נמצא יצטרך עכ"פ להיות לו תכלית אשר בשבילו היתה מציאותו, כי לא לדבר ריק נמצאו כל הנמצאים, וכאשר נתקיים להם זה הדין הכללי התחילו לחלק כל הנמצאים לדעת תכלית כל מין מן המינים הנבראים... זיי וויסען, אז די קדמונים האָ־בען גרינדליך נאָכגעפאָרשט מיט זייער שטאַרקען שכל און טיפע חכמה אלעם וואָס עס געפינט זיך אין דער בריאה און זיי זיינען געקומען צום באַשלוס אַז אלע זאכען וואָס געפינען זיך זיינען נויטווענדיג, קיין זאך איז ניט באַשאַפען געוואָרען לבטלה, אַמווייניגסטענס האָט יעדע זאַך אַ תכלית צוליעב וועל־מען ס'איז באַשאַפען געוואָרען. די בריאה האָט קיין זאך גע־שאַפען אומזיסט, און נאָכהער ווי די קדמונים האָבען פעסט־געשטעלט דעם פרינציפּ, האָבען זיי אונטערזוכט יעדען מין באַזונדער אויסצוגעפינען זיין תכלית, צוליעב וואָס ער איז באַשאַפען געוואָרען".

אַלס פאָלגע דערפון מוזען מיר שליסען אַז אין יעדע עק־זעסטירענדע זאַך איז דאָ גוטעס און נוצליכעס, ווען ניט, וואָלט זייער עקזיסטענץ ניט געווען באַרעכטיגט. ביי יעדע זאך וואָס גאָט האָט געשאַפען זאָגט די תורה „כי טוב", און אויף דער גאַנצער בריאה בכלל זאָגט די תורה „וירא אלהים את כל אשר עשה והנה טוב מאד", יעדע זאך, אַ דומם, צומח, חי און מדבר דריקען אויס אַ פארהעלטניס צו גאָט, די גאַנצע נאַטור זינגט שירה צו גאָט, חיות, בהמות און פויגלען זינגען אַ פרק שירה. השמים מספרים כבוד אל ומעשי ידיו מגיד הרקיע, כל הנברא בשמי לכבודי בראתיו יצרתיו אף עשיתיו. אלעס וואָס איז באַשאַפען געוואָרען מיט מיין נאָמען, מיט'ן „ויאמר אלהים" פון ששת ימי בראשית האָב איך באַשאַפען צו פּראָקלאַמירען

די ארבייט פון מיינע הענד, די שטערען זינגען שירה: „ברן יחד כוכבי בוקר", זיי זיינען אָפּהענגיג פון גאָט וועלכער האָט זיי באַשאַפען במאמר פיו.

יעדע זאַך וואָס געפינט זיך אויף דער וועלט האָט אויך אַ דריטע התיחסות און דאָס איז איינער צום אנדערען, איינער מוז אָנקומען צום אַנדערען אַן און פאר זיך אליין וואָלטען זיי קיינמאָל ניט געקענט עקזיסטירען. די דוממים צווישען זיך, לופט, עטהער, גאַזען, שטיינער, גראָז, געוויקסען, בעל חיים, איין קלאַס מוז אָנקומען צום צווייטען קלאַס פאר זיין חיות, אויך די הימעל קערפּער קענען זיך ניט האַלטען איינער אָהן אַנדערען, די ערד האַלט זיך אין איהר גלייכגעוויכט צוליעב דעם כח המושך פון דער זון, די אַנדערע זונען סיסטעמען ווידער אזוי, אזוי האַלטען זיך איינער אַן אנדערען און די גלייכגעוויכט פון „אין סוף" ווערט אָנגעהאַלטען.

„העולם", דער גאַנצער וועלטאַל, עומד, האַלט זיך אַן אין איהר גלייכגעוויכט צוליעב די דריי פארהעלטעניסע: על התורה, צוליעב די אורשפּרינגליכע סבה, דער ריינער שכל וועלכע האָט אַ זכות הקיום אַ חוץ אַנדערע נוצבאַרע מאָטיווען; „על העבודה", צוליעב איהר פארהעלטנים צו גאָט איהר באַ־שעפער „ועל גמילות חסדים" צוליעב'ן יחס פון איהרע פאר־שיעדענע מינים אין קערפּערשאַפטען איינער צום צווייטען, אָדער צוליעב דער האַרמאָני וואָס עקזיסטירט אין דער נאַ־טור.

די פילאָזאָפען באַצייכענען די דריי באגריפען אלס דריי באַזונדערע וועלטען: עולם השכלי, די וועלט פון ריינעם פארנונפט; עולם הגלגלים — די וועלט פון גרויסע הימעלשע קערפּער; עולם התחתון — די נידערוועלט, די וועלט אונטער דער לבנה, אויף וועלכער דער מענש הערשט.

די וועלט פון ריינעם שכל איז די תורה; די הימעלשע קערפּער וועלכע זייט „בראשית" האַלטען אַן זייער שטענדיגע

קראַפט און שעהנקייט און זיינען אייביג יונג, דינען דעם בורא, זיין מאמר פיו — איז עבודה, און די מענשליכע געזעלשאַפט אויפ׳ן עולם התחתון ווערט אָנגעהאַלטען דורך גמילות חסדים.

הגם דער מענשליכער שכל האָט נאָך ניט דערגרייכט ווייט גענוג צו באַגרייפען און זיך דערגרונטעווען צום טעם ווארום זיינען די אַנדערע וועלטען באַשאַפען געוואָרען און די אורזאַכע פון זייער זכות הקיום, פיליכט איז דאָרט אויך דאָ אַזאַ מין ווי דער מענש אויף דער ערד, אָבער ס׳איז אָנגענומען ביי אַלעמען אז דער עולם התחתון, אונזער ערד האָט אַ זכות הקיום בלויז צוליעב דעם מענשליכען מין.

דער אויבען ציטירטער רמב״ם זאָגט ווייטער: „אך על דרך כלל יש לדעת שכל הנמצאים שתחת גלגל הירח נמצאו בשביל האדם לבדו״, אלעס וואָס געפינט זיך אויף דער ערד אויף דער סובלונאַר וועלט עקזיסטענץ נאָר צוליעב דעם מענשליכען מין אליין, אָהן דעם מענשען פארלירען אלע אנדערע נמצאים זייער עקזיסטענץ באַרעכטיגונג.

דער מדרש גיט אַ משל, אויפ׳ן פסוק אין נח: ויאמר ד׳ אמחה את האדם אשר בראתי מעל פני האדמה, מאדם עד בהמה עד עוף השמים, זאָגט דער מדרש: משל למלך שהיה משיא את בנו ועשה לו חופה וסיידה וכיירה, כעס המלך על בנו, התחיל המלך לשבר בקנקנים, אמר המלך כלום עשיתי אלא בשביל בני, בני אבד וזו קימת ולפיכך מאדם ועד בהמה ועוד עוף השמים״. געגליכען צו אַ מלך וואָס האָט געהאַלטען חתונה מאַכען זיין זוהן און האָט אַ זעהר שעהנע חופה געלאָזט מאַכען, פלוצלונג איז ער אין כעס געוואָרען אויף זיין זוהן און האָט אַלע כלים צובראָכען, זאָגענדיג, כ׳האָב עס גע־מאַכט בלויז פאר מיין זוהן, און אַז מיין זוהן איז פארלאָרען צו מיר דאַרף איך די כלים האָבען? דעריבער זאָגט גאָט וועל איך פארניכטען אלעס, מענשען, בהמות, פויגעל א. אז. וו. און אויב דער מענש איז איין ענטווישונג, דאַן זיינען אלע נבראים

אַ דורכפאַל, און אויב ביי אַלע אַנדערע נבראים פון בראשית זאָגט די תורה כי טוב, זאָגט די תורה ביי דער בריאה פון מענ־שען: „והנה טוב מאד״, ער איז זעהר גוט (זעה מדרש: „מאד״ בגימטריא אדם) ער מוז זיין זעהר גוט, ער דאַרף זיין בעסער פון אַלע ברואים, כדי ער זאָל זיין ווערטה באַדינט צו ווערען פון זיי, און הגם ביי זיין געבורט איז דער מענש די הילפלאָזעסטע בריאה פון אַלע לעבעדיגע ברואים וועלכע קענען זיך אליין באַזאָרגען גלייך פון געבורט מיט שפייז, און קענען זיך גלייך באַוועגען, און אין שכל איז דער מענש ביים אָנפאַנג פון זיין עקזיסטענץ ניט העכער ווי אַ ווילדער אייזעל, ועיר פרא אדם יולד, אָבער ער האָט אין זיך די מעגליכקייט זיך צו ענטוויקלען, צו וואַקסען אין שכל און גייסט און געפיהל. אַלע אַנדערע בעלי חיים האָבען נאָר איין פונקציע , צום מעהרסטען צוויי און ניט מעהר. די פויגלען וועלכע קענען לאַכען, קענען ניט וויינען, און פאַרקעהרט, דער לייב ווייס נאָר צו צוקען, די שפין צו ווע־בען איהר שפין וועבס, דער בוים צו פּראָדוצירען. דער מענש איז אָבער אַלזייטיג, ער קען לאַכען און וויינען כמעט אין איי־נער און דער זעלבער צייט, ער קען זיין שלעכט און גוט, ער בויט און צושטערט א. אז. וו. דער מענש איז דער בעסטער שותף צו אַלע נבראים, די הויפּט פונקציע פון דעם מענשען איז זיין שכל צו וועלכען זיינע אַלע אַנדערע פונקציעס זיינען אין דינסט.

דער מענש אלס די העכסטע בריאה האָט דאַריבער פונקט ווי אַלע אַנדערע נבראים דריי הויפּט פאַרהעלטניסע אָדער פליכטען צו זיך זעלבסט, צו גאָט און צו מענשען: תורה, עבודה, גמילות חסדים. דער אונטערשיעד אין דיזען פאַל איז ווייל אַנדערע נבראים טוהען עס ניט באַוואוסטזיניגג, טהוט עס דער מענש באַוואוסטזיניגג, ער ברייגגט עס ארוים מכח אל הפועל.

די ערשטע פליכט פון דעם מענשען צו זיך זעלבסט איז

זיין שטרעבען זיך צו פאַרפאָלקאָמען אין שכל און אין גייסט, דורך פאַרזיכטיגע איבונגען און מיה קען זיך דער מענש ענט־וויקלען און דערהויבען צו די העכסטע, ער קען דערגרייכען צו דער מדרגה פון אַ משה רבנו, פון אַ אַריסטאָטעל, פון אַ איינשטיין, „שמים לרום וארץ לעומק ורוחב לב נבון אין חקר... אין חקר לתבונתו, רבים חקרי לב אשר אתו, רבות מחשבות בלב... ראה זה חלק אדם מאל וחלק אלהי מעולמו האלהים בשמים, וזה לבדו על הארץ הולך נכחו... דורש רשומות בכתב אמת... גדולים מעשיו בדת ודין לולא זמנו יבהלוהו... אל יעציר לו לרכוב שמים לחבק זרועות עולם עד היותו כאלקים לדעת טוב" (בחינות עולם, ידעיה הפניני, בדרשי פ"א).

הויך זיינען די הימלען און טיעף איז די ערד, אָבער אונערפאָרשליך איז אלעס וואָס די הארץ פון שכל'דיגען מענ־שען קען ערגרייכען, זיין שכל וויסט פון קיין גרעניצען, זיינע באַגריפען זיינען אונצעהלבאַר, זיינע געדאַנקען זיינע פאַר־שיעדענאַרטיג, דער מענש איז דער הערשער איבער אלע חכמות (דורך זיין אייגענער השלמה — המזכיר) איז דען פאַראַן אַ ערדישע זאַך וועלכע איז פרעמד צום פאַרפאָלקאָמטען מענשען. זעה, דאָס איז דעם מענשענס חלק פון זיין באַשעפער, און איז אַ געטליכער טייל פון זיין וועלט. ווי גאָט אין די הימלען, אזוי איז אויף דער ערד דער מענש איבער וועלכע ער געוועלטיגט, און וועלכער שטרעבט צו גאָטהייט, ער פאָרשט די אייביגע אמת'ן וועלכע זיינען פארשריבען אין גאָטעס לעהרע און זוכט צו לעבען לויט איהרע פארשריפטען. ווען ניט די שרעקליכע אומשטענדען פון לעבען, וואָלט ער געפלויגען הימלען הויך, ער וואָלט אומגעארעמט די גאַנצע וועלט, ביז ער וואָלט דער־גרייכט די מדרגה פון גאָט צו וויסען וואָס גוט איז.

די העכסטע השלמה אָדער פאַרפאָלקאָמענהייט קען דער מענש דערגרייכען נאָר דורך לערנען תורה, ווייל די תורה איז דער געטליכער שכל, דער שכל אלהי, דער ריינער פאַר־

נונפט, זי איז די העכסטע חכמה, זי לערענט דעם מענשען ווי אריינצודרינגען אין די סודות פון דער בריאה און אין די געהיימניסע פון דער מעשי בראשית. די תורה, לויט'ן רמב"ם איז געגליכען צו „תפוח זהב במשכיות כסף" צו גאָלדענע עפּעל איינגעפאַסט אין זילבערנע ראַמען. דער וואָס שטעהט פון וויטען זעהט נאָר זילבער, דער וואָס קומט אָבער צו נעהנטער זעהט ער גאָלד. די העכסטע און די טיפסטע מחשבות'ן פון דער תורה זיינען איינגעפאסט אין איינפאכע ספּורים, דער, וועמעס שכל קען ניט משיג זיין זעהט נאָר די ספּורים, דער וואָס האָט אָבער אַ טיפערע השגה זעהט אין די תורה די טיפסטע משכלות, די העכסטע באַגריפען פון שכל „אחת דבר אלהים שתים זו שמעתי", ווען ניט די תורה, דער שכל אלהי, האָט די גאַנצע וועלט קיין זכות הקיום, „אם לא בריתי, יומם ולילה, חקות שמים וארץ לא שמתי" (ירמיה ל"ה), תנאי התנה הקדוש ברוך הוא עם מעשי בראשית שתלוים ועומדים עד ששה בסיון אם יקבלו התורה מוטב ואם לאו יחזיר לתוהו ובוהו" (שבת פ"ח). אָהן אַ תורה אין די וועלט אַ מיש-מאַש אַ תהו ובוהו, ס'וואָלט איהר געפעהלט אַ נשמה, ס'וואָלט ניט געווען קיין רעגירענדער שכל, און, „כל הלומד תורה לשמה נעשה שותף להקב"ה במעשה בראשית", דער וואָס לערענט תורה צוליעב לערנען (לשמה) ווערט אַ שותף צום באַשעפער, וועלכער איז דער ריינסטער שכל.

עס איז דעריבער די ערשטע פליכט פון אַ מענשען צו לערנען תורה.

די צווייטע פליכט איז עבודה. די תורה איז ניט נאָר דער העכסטער און ריינסטער שכל, זי ענטהאַלט אויך חוקים, מצות און משפּטים וועלכע דריקען אוים דעם ווילען פון גאָט און וועלכע דערנעהענטערען דעם מענשען צו גאָט ווען זיי ווערען אויסגעפאָלגט אין לעבען, דאָס הייסט עבודה, דינען גאָט, „אני לא נבראתי אלא לשמש את קוני" (קדושין פ"ב) אין בית

המקדש איז דינען גאָט אויסגעדריקט געוואָרען דורך די עבודה פון קרבנות (קרבנות פון'ם שרש קרב, דערנעהנטערען זיך) אָבער נאָכ'ן חורבן בית המקדש האָט תפלה פארנומען דעם פלאץ פון קרבנות „ונשלמה פרים שפתינו" (הושע) און די תפלות דערנעהנטערען דעם מענשען צו גאָט, „קרוב ד' לכל אשר יקראוהו באמת".

די פליכט פון א מענשען איז גמילות חסדים, דער מענש ווערט געבוירען אין געזעלשאַפט און האָט דעריבער פליכטען צו זיינע מיטמענשען. די תורה איז אַ תורת חיים, דעריבער הייסט זי תורה, ווייל זי צייגט, זי לערנט דעם לעבענס וועג. ווען דער גר קומט צו הלל'ן לערנען תורה ווערענד ער שטעהט אויף איין פוס, גיט ער איהם די עצה פון מקים זיין די מצוה פון „ואהבת לרעך כמוך", דאָס איז די גאנצע תורה, דאָס איב־ריגע איז נאָר אַ פּרוש, אַ קאָמענטאר אויף דער מצוה. די תורה איז ראשיתה גמילות חסד וסופה גמילות חסד, גאָט איז געווען דער מלביש ערומים, ויעש להם כתנות עור וילבישם, גאָט אליין האָט זיך מתעסק געווען בקבורתו של משה. „עולם חסד יבנה", די וועלט ווערט געבויט און האַלט אָן איהר גלייכגעוויכט נאָר דורך די מדה פון חסד, ווען אַ מענש זאָל ניט האָבען קיין פליכטען צו זיינע מיטמענשען וואָלט די וועלט ניט געקענט עקזיסטירען. ווי שעהן די חז"ל באַ־גרייפען די מדה פון חסד, אויפ'ן פסוק „אמרו לצדיק כי טוב כי פרי מעלליו יאכלו" פרעגען זיי „וכי יש צדיק שאינו טוב? אלא טוב לשמים ואינו טוב לבריות זה צדיק שאינו טוב, טוב לשמים, טוב לבריות זה צדיק טוב" (קדושין מ') אַ מענש גוט צו גאָט און ניט צו מענשען איז ניט קיין גוטער צדיק, גוט צו גאָט און צו מענשען — איז אַ גוטער צדיק

„חסד ד' מלאה הארץ" גאָט'ס חסד פיהלט אָן די וועלט. יעדע רגע טהוט גאָט חסד מיט'ן מענשען. דער מענש דאַרף לויבען גאָט פאר זיין יעדען אָטעם צוג „כל הנשמה תהלל

יה, על כל נשימה ונשימה" (ילקוט שמעוני) גאָט איז מעלה עננים ומוריד טללים, וואָלקענס געהען ארויף און לאָזען ארו־טער דעם רעגען, וועלכער מאַכט די ערד פרוכטבאַר און דער מענש שטעהט אויף אינדערפריה און געפינט כל טוב געגרייט פאר זיין טיש. כמה יגיעות ידע אדם הראשון עד שמצא פת לאכל, בגד ללבוש, כל אומנות שוקדות לפתח ביתי ואני משכים ומוצא כל אלה לפני (ברכות נ"ח) אדם הראשון דער איינזאַמער מענש אויף דער וועלט האָט אלע געמוזט אליין שאַפען, און איך שטעה אויף אין דערפרי און געפין אלעם פארטיג, גאָט טהוט חסד, אָבער מ'קען איהם ניט צוריק צאָלען זיין חוב „מי הקדים אליו וישלם (איוב) אלעם וואָס ער פארלאנגט איז צו טאָן חסד מיט זיינע מענשען. מלוה ד' חונן דל, דער וואָס איז לייט־זעליג צום אָרימאַן טהוט אַ חסד צו גאָט.

שמעון הצדיק באַנוצט זיך מיט'ן אויסדרוק „גמילות חסדים", ווייל דאָס איז די העכסטע און שעהנסטע טוגענד וואָס אַ מענש קען טאָהן מיט זיין מיטמענשען. אין דריי הינזיכ־טען שטעהט גמילות חסד העכער פון צדקה, צדקה קען מען געבן נאָר מיט געלד, טוגענד קען זיין אויך מיט מיין פּערזאָן, גמילות חסדים בין לעניים בין לעשירים, בין לחיים, בין למתים.

---

## דער ערשטער עמוד אויף וועלכען די אידישע וועלט שטעהט איז תלמוד תורה פליכט

ותלמוד תורה כנגד כלם, די העכסטע פליכט פון אונז אלס אידען איז צו לערנען תורה, צו גרינדען און אָנצוהאַלטען תלמוד תורות, אויף וועלכע די אידישע וועלט האַלט זיך אויף, אין העולם מתקיים אלא בשביל הבל פיהם של תינוקות של בית רבן. פארמאַכט תלמוד תורות און אין אַ צעהנדליג יאָהר שפּע־טער צופאַלט דער גאַנצער אידישער בנין, מפי עוללים ויונקים

יסדת עוז — ואין עוז אלא תורה שנאמר ד׳ עוז לעמו יתן. די תורה קען האָבען אַ קיום נאָר אַז עס איז דאָ אידישע קינ־דערלאַך באַוואָפּענט מיט סדורים, חומשים און זאָגען: אָמן יהא שמיה רבא. ווען המן האָט געוואָלט אומברענגען די אי־דען האָט ער זיך גענומען צו די קינדער פון בית רבן, פגע בתינוקות של בית רבן (מדרש אסתר) יעדער פון די פעלקער האָט בייגעשטייערט צו דער וועלט קולטור און ציוויליזאַציע. די אַלטע גריכען האָבען געגעבען פילאָזאָפי און קונסט, די רוי־מער — מיליטערישע מאכט. ענגלאַנד — פּאַרלאַמענטאַרישע רעגירונג. פראַנקרייך — ראָמאַנס. איטאַליען — מוזיק. די אַמאָליגע דייטשלאַנד — וויסענשאַפט. אַמעריקא — דע־מאָקראַטי. מיר אידען האָבען גענומען אַ אַנטייל אין די אַלע ביישטייערונגען, אָבער אונזער הויפּט ביישטייערונג צו דער וועלט איז געווען רעליגיאָן, גאָט, תורה. מיר האָבען דער וועלט אַ נשמה געגעבען, אור לגוים, אַ ליכט פאַר אַלע פעלקער, אַ איד אָהן תורה איז אַ אַנאָמאַליע, די ערגסטע בריאה אויף דער וועלט. אונזער זכות הקיום איז נאָר די תורה „כי הם חיינו ואורך ימינו״, ביי אונז איז די תורה דאָס העכסטע וויסען. ווען אַלע אוניווערזיטעטען זיינען געווען פאַר׳ן אידען פאַר־שלאָסען איז די תורה געווען זיין שולע און אוניווערזיטעט. אויפ׳ן תנו רבנן און אין די סוגיות פון אביי ורבא האָט ער געשאַרפט זיין מח און געשאַפען גאונים, גייסטיגע ריזען וועל־כע האָבען זיך ערצויגען צווישען די ווענט פון דעם „חדר״ צו תלמוד תורה.

ווען גאָט האָט די תורה אויפ׳ן בארג סיני געגעבען צו זיין פאָלק ישראל האָט ער געבעטען ערבות, אז מען וועט היטען זיין תורה, האָט מען געגעבן די אבות, משה׳ן ארץ ישראל, גאָט האָט זיי ניט אָנגענומען אָבער ווען אידען האָבען געזאָגט: „בנינו יערבו בעדנו״ אונזער קינדער גיבען מיר פאר א משכון

האָט גאָט מסכים געווען „עשה למען תינוקות של בית רבן, שטיצט די תלמוד תורה!!!

דער צווייטער עמוד אויף וועלכען דאָס אידענטום שטיצט זיך איז די שוהל עבודה, דער מקום קדוש. די שוהל איז די איינציגע פעסטונג פאר'ן אידען, דאָרט האָט ער געפונען א שוץ פון די אויסערליכע שטורמען, בייזע ווינטען האָבען געהוליעט לאַנגע נעכט, אָבער אין שוהל האָט דער איד געפונען ליכט און טרייסט. דאָרט האָט ער אויסגעגאָסען זיין הארץ פאר זיין גאָט און געפונען ערלייכטערונגען. אין ליידען אָדער פריידען האָט דער איד זיין תקון געפונען. די שוהל איז געווען דער צענטער פון זיינע לעבענס אינטערעסען, אלע מוסדות הצדקה, אלע געזעלשאַפטליכע טעטיגקייטען האָבען זייער אורשפרונג געפונען און די פיער ווענט פון שוהל. אלע ברכות וואָס בלעם האָט געבענשט די אידען, זאָגט די גמרא אין סנהדרין ק"ה, זיינען געוואָרען קללות, נאָר איין קללה איז פארוואנדעלט געוואָרען צו אַ ברכה ויהפך ד' לך את הקללה לברכה — אלו בתי כנסיות ובתי מדרשות שאמר: מה טובו אהליך יעקב משכנותיך ישראל. סאָציאלע, וואָהלטעטיגע, געזעלשאַפטליכע, פּאָליטישע און פראַטערנאַלע געזעלשאַפטען האָבען גוים אויך, אפילו קאָמיוניטי צענטערס האָבען זיי און צדקה גיבען זיי, אָבער שוהלען מיט ספרי תורות האָבען זיי ניט. די שוהל איז דאָס איינציגע וואָס איז אונז געבליבען פון אונזער אַמאָליגער גלאַנץ. אלעס האָבען זיי ביי אונז צוגענומען, נאָר די שוהל איז געבליבען, און וואו דער אידישער וואַנדערער איז געקומען דאָרט האָט ער זיין שוהל געבויט, אַ מקום מנוחה פאר זיין נשמה. די שוהל האָט אונז אָנגעהאַלטען ביים לעבען, זי האָט אָנגעהאַלטען אונזער הייליגע נאַציאָנאַלע שפּראַך ביים לעבען, זי האָט אויסגעהאָדעוועט דעם משיח, האָט אָנגעהאַלטען די האָפנונג אויף ציון וירושלים. אָה, ווען די שוהל וועגט וואָלטען קענען ריידען, ווען די ווערטער

פון מיט טרעהרען און בלוט דורכגעווייקטען סידור, וואָלטען גע־האָט אַ שפראַך, וואָס פאַר אַ געשיכטע פון העלדענטהאָט און מסירות נפש זיי וואָלטען דערצעהלט, ניט פון איין טיטוס, נאָר פון אַ סך טיטוס׳ן וואָלטען זיי דערצעהלט, וועלכע האָבען גע־שטאָכען אין די פרוכת׳ן און ס׳האָט בלוט געשפריצט, ניט פון איין קעשענעווער שמש נאָר פון הונדערטער טויזענטער קדושים וטהורים, קרבנות ביים ארון קודש פון מערדערשע הענט.

דער תלמוד דערצעהלט: כשהלך נקנור להביא דלתות של מצרים, בחזירתו עמד נחשול של ים לטבעו, נטלו אחת מהם והטילוה לתוך הים ועדיין לא נח מזעפו, בקשו להטיל חברתה, עמד הוא וכרכה, אמר להם הטילוני עמה, מיד נח הים מזעפו, וכיון שהגיעה לנמלה של עכו היתה מבצבצת ויוצאה (יומא מ״ז). נקנור איז געגאנגען אויף אַ שיף פון אלכסנדריה של מצרים און מיט זיך מיט געפיהרט טירען פאר׳ן בית המקדש, אַ שטורם האָט אויסגעבראָכען, האָבען זיי איין טיר אריין גע־ווארפען אין ים צו פארגרינגערען דעם באַלאַסט, ווען דער שטורם האָט זיך ניט איינגעשטילט, האָט מען געוואָלט אריינ־ווארפען די צווייטע טיר, האָט נקנור זיך ארומגענומען מיט׳ן טיר און אַ געשריי געטאָן: ווארפט מיר אויך אריין אין ים, דער ים האָט זיך איינגעשטילט און ווען ער איז צוגעקומען צו עכו איז יענער טיר אויך צוגעשוואומען צום ברעג ים, אונז איז נאָר איין טיר געבליבען, די טויערען פון די שוהלען זיינען נאָך געבליבען, לאָמיר ניט צולאָזען אַז מען זאָל פון אונז עס צונעהמען, און אז מיר וועלען זיך האַלטען אָן דעם טויער ווע־לען די איבריגע טירען אויך צו קומען צוריק צו אונז.

דער דריטער עמוד אויף וועלכען דער אידישער עולם שטיצט זיך איז גמילות חסדים, די פליכטען צו דער געזעל־שאַפט „אל תפרוש מן הצבור ואל תאמין בעצמך עד יום מותך ואל תדין את חברך עד שתגיע למקומו״ (אבות) שטעה ניט אָפּ פון צבור, טרוי ניט צופיעל דיין אייגענעם „איך״, משפט

ניט דעם צווייטען בעפאָר דו האָסט ארייגעדרונגען טיעף אין זיין לאַגע. גאָט האָט אונז געמאַכט אַ „חטיבה אחת בעולם", „מי כעמך ישראל גוי אחד בארץ", די גאַנצע אידישע פאָלק איז איין קערפער, ווען איין גליד ליידעט פיהלט דער גאנצער קערפער, אַז מען שלאָגט אַ אידען אין בערלין, נירעמבערג, פיהלט דעם וועהטאָג דער איד אין ניו־יאָרק און אין קאלקוטא, ווי צוריסען מיר זאָלען ניט זיין, אָבער דער כלל ישראל איז פאַראייניגט און דאָס איז אונזער וואפען געגען אונזערע שונאים.

דער איד וואָס שטופט זיך צווישען די גוים אפילו, געפינט זיך היימיש צווישען אידען, אַ איד וועט קיינמאָל אַ צווייטען אידען ניט לאָזען פאלען, אין נויט וועט ער איהם אימער העלפען, אַ יחיד קען אַמאָל באַגעהן אַ פאַרברעכען, אָבער ניט קיין צבור דו קענסט קיינמאָל ניט זיין זיכער אַז די אומשטענדען זאָלען ניט ברייגגען דערצו אַז דו זאָלסט אליין דאַרפען אָנקומען צום צבור'ס הילף, און דערפאר רעכענען די חכמים די פורשים מצרכי צבור אין די קאַטעגאָריע פון מינים און אפיקורסים, ווייל אויך זיי שליסען זיך אוים פון כלל ישראל.

וכל העוסקים עם הצבור, היו עוסקין עמהם לשם שמים שזכות אבותם מסעיתם (אבות ב') דער וואָס איז עוסק בצרכי צבור מוז די ארבייט זיין לשם שמים, עס טאָר ניט זיין אין דעם קיין פערזענליכע כונה, ווייל צבור ארבייט איז פאַר'ן כלל און ניט פאַר'ן פרט. שזכות אבותם מסעיתם, דער זכות פון די אבות וועט זיי העלפען. אברהם, יצחק און יעקב זיינען ניט געווען קיין „אבות" פאָטערס אין דעם זין פון פרט אלס עלטערן צו זייערע קינדער, נאָר אלס אבות פון'ם כלל ישראל. אויך דו זיי אַ פאָטער צו די וואָס האָבען ניט קיין פאָטערס, די יתומים. דער וואָרט „יתום" איז דער טראגישסטער וואָרט אין דער מענשליכער שפראך. ווען ירמיהו הנביא, דער מקונן, וויל פאַרשטעלען די גרויסע טראגעדיע פון חורבן בית המקדש,

פון ירושלים און כל ישראל האָט ער קיין בעסערען אויסדרוק צו מאָהלען די טראגעדיע ניט געפונען ווי „הביטה וראה את חרפתנו, נחלתנו נהפכה לזרים, בתינו לנכרים, יתומים היינו ואין אב, אמותנו כאלמנות (איכה ה׳), זעה גאָט, אונזער גוטס איז אריבער צו פרעמדע, מיר זיינען ווי יתומים אָהן אַ פאָטער, אונזערע מוטער׳ס אלמנות, אויך די טאַטעס און מאַמעס פון די יתומים ריידען צו אונז פון זייער קבר און ריהרען אונזערע הער-צער, אונזער נחלה אונזערע קינדער „נחלת ד׳ בנים", אונזערע היימען זיינען צושטערט פון די הענט פון גרויזאַמען טויט, וועל-כער האָט אונז אָפגעריסען פון אונזערע עופה׳לאך, זיי זיינען אין פרעמדע הענט, זייט איהר צו זיי טאַטעס און מאַמעס, דענקט פון אייערע אייגענע קינדער, זיי קענען אייך רופען „טאַטע, „מאַמע", די שעהנסטע, גליקליכסטע ווערטער אין דער מענשליכער שפראך, אָבער אונזערע קינדערלאך קענען זיך שוין קיינמאָל ניט באַנוצען מיט אַזאַ שפראך. ווען איהר גיט אכטונג אויף אייערע אייגענע קינדער קומט אייך קיין קרעדיט ניט, ס׳איז אייער אייגען פלייש און בלוט, אָבער די יתומים׳לאך וועמן גאָט׳ס האַנט האָט אָנגערירט לרעה, קוקען אויף אייך ווי איהר וואָלט געוועזן זייערע טאַטעס און מאַ-מעס, גיט זיי אַ היים, באַשיצט זיי פון הונגער און קעלט, „עושה צדקה בכל עת" (תהלים ה׳) זאָגען די חז"ל, זה המגדל יתום ויתומה בתוך ביתו ומשיאן (כתובות נ׳), די מצוה פון אריין נעהמען אַ יתום, יתומה אין הויז, זיי ערציהען, איז אזוי גרויס ווי אלע מצוות פון דער תורה, און אויב דו וועסט ניט הערען די שטימע פון יתום, וועל איך הערען צו זיין געשריי, זאָגט גאָט והיה כי יצעק אלי ושמעתי כי חנון אני (שמות משפטים) ער וועט טענה׳ן צו מיר מיט וואָס בין איך ערגער פון אנדערע קינדער, אלע האָבען היימען, ווערען געליעבט ביי זייערע עלטערען, זיי זיינען באַזאָרגט, און מיר זיינען היימ-לאָז און פארצווייפעלט, כ׳וועל זיך צו הערען, זאָגט גאָט, צו

זייערע טענות ווייל איך בין דער אבי היתומים... גמילות חסד איז בין לחיים בין למתים, און אז איהר גיט פאר די יתומים טהוט איהר א נחת רוח צו די נשמות פון די טאטעס און מאמעס פון די יתומים ווענן איהר גיט א היים, און דער־פאר וועט אייך דער אבי יתומים בענשען מיט לאנגע יאָהר, איהר זאָלט מגדל זיין אייערע קינדערלאך אין נחת און עס וועט מקוים ווערען אויף אייך: „בניך כשתילי זיתים סביב לשלחנך הנה כי כן יברך גבר".

---

## מושב זקנים

די חז"ל זאָגען: מטבע של אברהם אבינו זקן וזקנה מצד אחד, בחור ובתולה מצד אחד (ב"ק צ"ז). אברהם, דער מכנים אורח, דער ערשטער וואָס האָט געפיהלט דעם טעם פון „זקנה" ווייל אויף איהם שטעהט „ואברהם זקן", האָט געהאַט אַ מטבע, אויף איין זייט די בילדער פון יונגע קינדער און אויף דער צווייטער זייט — פון זקן וזקנה. פונקט ווי יתומים, אזוי זיינען אונזערע אַלטע טאַטעס און מאַמעס באַרעכטיגט צו האָבען אַ היים וואו צו פארברייגנען זייערע לעצטע ביסעל יאָהרען. דער פרינציפּ איז דער זעל־בער, פאַטער און מוטער קענען אויסהאַלטען צעהן קינדער, צעהן קינדער קענען אָבער ניט אויסהאַלטען איין פאַטער און מוטער. דאָ לאָזט די שנור ניט, דאָ דער איידעם ניט. פאר־געסט אָבער ניט אז גאָט צאָהלט מדה כנגד מדה, במדה שאדם מודד מודדין לו (סוטה ח'). אויך מיר וועלן אַלט ווערען האָ־פענטליך, און וואָס קענען מיר ערוואַרטען פון אונזערע קינדער, ווען זיי זעהן ווי מיר באַהאַנדלען אונזערע עלטערן און ווי שמערצליך דער וועה־געשריי זאָל ניט זיין פון דעם „אוי להם לבנים שגלו מעל שלחן אביהם", ווען קינדער ווערען פארטרי־

בען פון טיש פון זייערע עלטערען, אזוי טיעף און טראגיש איז דער וועה-געשריי וועלכער רייסט זיך פון הערצער פון טאטע און מאמע: „אוי להם לאבות שגלו מעל שלחן בניהם", צו די עלטערע יאהרען פארוואגעלט, ארויסגעטריבען פון זייערע קינדער — אל תשליכנו לעת זקנה, ככלות כחינו אל תעזבנו!

מנין שהקב"ה חולק כבוד לזקנים, שנאמר ונגד זקנים כבוד, גאט אליין טיילט אב כבוד צו עלטערע מענשען. אין זיין תורה שטעהט: מפני שיבה תקום והדרת פני זקן, אפילו א פרעמדען, און הדבק במידותיו של הקב"ה, באהעפט זיך אין גאט' מידות, מה הוא רחום אף אתה רחום, מה הוא חנון אף אתה חנון, מה הוא מלביש ערומים, אף אתה מלביש ערומים, ווי גאט אזוי דו, זיי א רחמן, א חנון, און אידען זיינען דאך רחמנים, בישנים און גומלי חסדים, מיט דעם צייכענען מיר זיך אוים פון אנדערע פעלקער...

---

## גמילות חסדים

דער אויסדרוק גמילות חסדים, ווי כ'האב שוין פריהער באטאנט האט א ברייטערען זין ווי געוועהנליך, אין אנגענו־מענעם באגריף באציהט זיך עס אויף לייהען געלד אן פראצענט. דא רעדט שוין ניט נאר דער געפיהל פון רחמנות ווי ביי צדקה, דאס איז דער שכל מחייב, א מענש אין ביזנעס, פארנעהמט אפילו א עהרען-פלאץ אין דער געזעלשאפט, אוים־געהאלטען א היים בכבוד, בייגעשטייערט צו אלע וואהלטעטי־גע אנשטאלטען, אבער די וועלט איז „א גלגל החוזר", א ראד וואס דרעהט זיך, היינט רייך, מארגען קען מען דארפען הילף. כי ימוך אחיך ומטה ידו והחזקת בו. ס'איז נאר „ומטה ידו", ער איז נאך ניט אין גאנצען געפאלען, ער האלט ביים פאלען והחזקת בו, לאז איהם ניט פאלען, ס'בלאזט נאר א ציטווויי־

ליגער שטורם, וועלכער וועט אריבער און דער בוים מיט די צווייגען וועלן זיך צוריק אויסגלייכען, גיב איהם א הלואה, ס'איז קיין שאנדע ניט.

רבה בר בר חנה דערצעהלט: אמר לו ההוא טיעא תא ואחוי לך היכי דנשקי ארעא ורקיעא אהדדי, אזלי וחזאי, שקליתא לסילתאי אתנחת בכוותא דרקיע אדמצלינא בעיתיה ולא אשכחתינא, אמינא איכא גנבי הכא, אמר לי האי גלגלא דרקיע הוא דהדר נטר עד למחר כי השתא ומשכחת לה" (בבא בתרא ע"ד) א סוחר לאדעט איהם צום פלאץ וואו הימעל און ערד קומען זיך צוזאמען, ס'מיינט וואו גליק און אומגליק שטויסען זיך אן, ביידע זיינען ניט דויערהאפטיג, האט ער זיין קערבעל ברויט אוועק געשטעלט אויפ'ן פענסטער פון הימעל וואו ס'איז דא רייכטום און ער האט געמיינט אז ער וועט געפינען זיינע ברויט אויפ'ן זעלבען פלאץ, זיין ברויט איז אבער פארשוואונדען, זיינען דא פאראן גנבים? ניין, די סיבה פון דיין ירידה איז ניט צוליב גנבה, א מענש וואס גנב'עט א לעבעל ברויט פאר זיינע הונגעריגע קינדער וועט קריגען דעם גערינגען שטראף, דאס איז נאר געזעצליכע רויב, אזוי איז דער דרך התגרנים, אמאל נעמסטו ביי יענעם, אמאל — יענער ביי דיר, ווארט ביז מארגען, דער כדור הארץ וועט דורכמאכען זיין קרייז ארום דער זון אין א מעת לעת און דו וועסט געפינען דיין ברויט צוריק, גיב איהם א גמילות חסד און דו וועסט איהם שטעלען אויף די פיס און ער וועט דיר צוריק געבען דיין הלואה.

לא תשימון עליו נשך — ביים איהם ניט ווען דו העלפסט איהם, אויך אין דער נאטור גיבט עס גמילות חסדים צווישען פארשיעדענע עלעמענטען, באחד בתקופת ניסן ובאחד בתקופת תשרי הימים והלילות שוים, מכאן ואילך ואילך הימים לוים מהלילות והלילות לוים מהימים ואין אומר ואין דברים בלי נשמע קולם (מדרש אמור). די ערשטע טעג

אין ניסן און תשרי זיינען גלייך מיט די נעכט, אין ווינטער אָבער נעמט די נאַכט פון טאָג און אין זומער דער טאָג פון דער נאַכט און ס׳איז שלום ביי זיי, אין משך פון יאָהר צאָהלען זיי אוים זייערע חובות איינס צום אַנדערען. „אל תדון את הברך עד שתגיע למקומו״, זוך ניט קיין פסלנות און תרוצים זיך ארוים צו דרעהען צו העלפען, פארגעם ניט אַז דער וואָס קומט נאָך אַ ג״ח איז איין „אחיך עמך״, ער איז ניט קיין אָרימאַן וואָס בעט ביי דיר אַ נדבה, נאָר „עמך״ אויף דער זעלבער מדרגה ווי דו, אויך אַזאַ ביזנעסמאַן ווי דו, ער האַלט נאָך אָן זיין פערזענ־ליכע ווירדע ווי דו, ער איז נאָר צייטווייליג געפאלען, והחזקת בו — והיה מעשה הצדקה שלום ועבודת הצדקה השקט ובטח עד עולם, אמן.

---

# דרוש להכנסת אורחים

גדולה הכנסת אורחים מקבלת פני השכינה,
דכתיב אם נא מצאתי חן בעיניך אל נא
תעבור מעל עבדך.
(שבת קכ"ז).

ס'הערשט אַן אנגענומענער אמת וועלכער איז אין גרונט פאַלש, אז רעליגיאָן האָט צו טאָן נאָר מיט הימעל־זאַכען, און גאָט, אָבער ניט מיט מענשען און ערדישע פראַגען. רעליגיאָן, הייסט עס, דאַרף ערקלעהרען די אייביגע פראַגען פון לעבען, רעליגיאָן איז אַזוי אַבסטראַקט, ווי פילאָזאָפיע, מיט דעם אונטערשיעד, וואָס פילאָזאָפיע איז ראַציאָנאַל, שכל'דיג און רעליגיאָן איז גייסטיג, נשמה'דיג.

ס'איז אויך אַן אלגעמיינער כלל, אז וואָס מעהר אַ מענש פאַרטיעפט זיך מיט רעליגיאָן אַלץ ווייטער איז ער פון לעבען, מענשען, פון דער גאַנצער וועלט. די געשיכטע ווייס צו דערצעהלען פון טיעף רעליגיעזע מענשען וואָס האָבען זיך געפייניגט מיט סגופים און תעניתים, געשמיסען זיך מיט ריטער, געקייקעלט אין שנעה, געזעסען אויף מוראַשקעס און אנדערע משוגעת'ן, אזוי שטרענג ווי די אַסקעטען זיינען געוועזן מיט זיך אליין, אזוי זיינען זיי געוועזן אין באַצוג צו אנדערע, ס'זיינען חטאים זוכער, מענשען וואָס זיינען תמיד אין כעס. אָט די מענשען פארמאָגען כלל ניט אין זיך די מדה פון רחמנות, ס'זיינען גייסטיגע קריינקס, זיי זיינען אזוי ווייט פון גאָט ווי פון מענשען, ווייל דער אמת'ער רעליגיעזער מענש וועט ניט פאַרדאַמען יענעם, ער וועט איהם העלפען, און אויב ער איז ניט פריי פון זינד וועט ער אָבער אלענפאלס העלפען

אויסראמען די זינד אָבער ניט די מענשען, די זינדיגע. „יתמו חטאים מן הארץ ולא חוטאים", דער אמת רעליגיעזער מענש זעהט אין זיין מיטמענשען גאָט'ס געשטאַלט אזוי ווי אין זיך אליין, און ליידעט אַ מענש ליידט דער כביכול מיט — „עמו אנכי בצרה, שכנתא בגלותא".

העלפען אַ מענשען אין נויט, מיינט עס, פארשעהר־נערען דעם צלם אלקים. דער אמת רעליגעזער מענש אנער־קענט אין צווייטען אַ ברודער, ווייל גאָט איז דער פאָטער פון אלעמען, אב אחד לכלנו, און איז ער א ברודער איז ער פארפליכטעט אלס שומר אחיו, ווייל די פראגע פון „השומר אחי אנכי" איז די פראגע פון אַ קין, אַ ברודער מערדער. דער שווער פונקט פון רעליגיאָן איז ניט אזוי אויפ'ן הימעל ווי אויף דער ערד, וועלכע גאָט האָט מענשען געגעבן. גאָט'ס שטימע קען אויף דער ערד טאָן מעהר גוטס ווי אין די הימלען, ווייל קנאה, שנאה, ליידען און שמערצען איז אַ ערדישער פראָדוקט.

אין יודענטום האָט זיך רעליגיאָן קיינמאָל ניט אָפּגע־שייט פון לעבען. לעבען און רעליגיאָן זיינען אימערצו געגאנגען האַנד אין האַנד, „והתהלכתי בתוככם", גאָט געהט מיט'ן מענשען. דער מדרש גיט אויף דעם אַ שעהנעם משל: „למלך שבא אצל אריסו והארים מטמר מפניו, אמר לו המלך, מה לך שאתה מטמר הרי אני כיוצא בך, כך עתיד המקום לטייל עם הצדיקים, והצדיקים מזדעזעים מלפניו והמקום אומר להם, מה לכם שאתם מזדעזעים מלפני הריני כיוצא בכם", געגליכען צו אַ קעניג וואָס קומט באַזוכען זיינעם אַ אָנגעשטעלטען, דער לעצטער האָט זיך מורא צו ווייזען פאר'ן קעניג, דענ־קענדיג ס'איז אַ צו גרויסער כבוד פאר איהם, זאָגט דער מלך: כ'בין פונקט אזוי ווי דו, וואָס האָסטו מורא פאר מיר, אזוי וועט דער כביכול שפּאַצירען מיט די צדיקים, די לעצטע ווע־לען זיך שרעקען, וועט זיי דער כביכול ערמוטיגען זאָגענדיג:

כ׳בין גלייך מיט אייך, גאָט איז צווישען מענשען, זעהט זייער אָרימקייט און נויט, ער, גאָט פארלאנגט ניט אז מענשען זאָלען איהם באגרייפען ווי ער באַגרייפט זיך אליין, ער וויים אַז דער מענש איז בעגרעניצט, קול ד׳ בכח, בכחו לא נאמר אלא בכה — בכחו של כל אחד ואחד, יעדער באַגרייפט גאָט לויט זיינע מעגליכקייטען, הזקנים לפי כחם, והנשים לפי כחן ואף משה לפי כחו (רבה שמות ה׳), גאָט משפּט אַ מענ־שען פאַר זינד לויט דעם מענשענס באַגריף פון זינד, אָבער ניט נאָך זיין אייגענעם (גאָטס) באַגריף.

אין דער תורה גופא ווערט וויניג דערמאָנט וועגען עולם הבא, די תורה רעדט פון לעבען: והיה אם בחוקותי תלכו— ונתתי גשמיכם בעתם וגו׳. והיה אם שמע תשמעו אל מצוותי אשר אנכי מצוה אתכם — ונתתי מטר ארצכם בעתו יורה ומלקוש ואספת דגניך ותירושך ויצהריך, די תורה איז דורכאוים גמילת חסד, אָרימאַן, יתום, אלמנה, גר ווערען פיעל מאָל דערמאָנט אין דער תורה. „דערמאָן זיך אז דו ביזט אַ גר געווען אין מצרים, האָב ליעב דעם גר״, זאָגט די תורה.

מערקווירדיג, אויף אברהם אבינו זאָגען די חז״ל, אז ער האָט אָפּגעהיט אלע מצוות פון דער תורה, שטיצענדיג זיך אויפ׳ן פּסוק: עקב אשר שמע אברהם בקולי וישמור משמרתי מצותי, חקותי ותורותי, דאָך דערמאָנט די תורה נאָר צוויי מצוות, איינע פון וועלכע איז הכנסת אורחים: וירא וירץ לקראתם, ער איז געלאָפען צו די אורחים, זיי זאָלען איהם ניט אויסמיידען, און מאַכט פאר זיי אַ סעודה. די חז״ל דרינגען פון דעם אַז הכנסת אורחים איז גרעסער פון קבלת פּני השכינה, גאָט איז מוחל זיין כבוד און הייסט דעם ערשטען אידען פריהער באַזאָרגען זיינע מיט מענשען מיט אַ נאַכטלעגער און אַ מאָל צייט. און ווען משה איז געווען נעהמען די תורה אויפ׳ן הי־מעל, הערט ער, ווי די מלאכים בעטען זיך „תנה הודך על

השמים" גיב אונז די תורה, ניט די בשר ודם'ס, זיי קענען אַ געטליכע תורה ניט מקיים זיין, נאָר צוליעב אברהם'ס הכנסת אורחים האָט משה די תורה געקריגען, גאָט האָט משה'ס פורם געמאַכט אויסזעהן ווי אברהם'ס. צר קלסתר פניו של משה דומה לאברהם ואמר להם זהו שאתם סעדתם אצלו. ווי שעהן די חז"ל באַגרייפען דאָ די תורה אַז אי־דען פאַרדינען די תורה בלויז, ווייל זיי היטען די מצוה פון הכנסת אורחים, פון געבען אַ היים צו היימלאָזע, אַ מאָל־צייט — הונגעריגע און נאַקעטע אַ בגד. אין יום כפור'־דיגע הפטורה שרייט דער נביא: הלא זה צום אבחרהו, איז ער דער טאָג וואָס איך האָב אויסגעקליבען? הלא פרס לרעב לחמך ועניים מרודים תבא בית — גיב דעם אָרימאַן ברויט און אַן אָרט אין דיין הויז פאַר היימלאָזע — אָז תתענג על ד', דאַן וועסטו הנאה האָבען מזיו השכינה. ווי געטליך — מענשליך ס'איז...

און אברהם אבינו'ס הויז איז געבליבען ביי אידען אלס סימבאָלישער אויסדרוק פאַר מענשליכער באַהאַנדלונג, אָפענע טיר, אָפענע האַנט — פאַר הכנסת אורחים. זיין הויז, לויט'ן תלמוד, האָט פיער טירען געהאַט, אַ טיר אין מזרח, מערב, דרום, צפון אום דער וואנדערער זאָל ניט דאַרפען זיך בעמיהען זוכען אַן אַריינגאַנג.

אברהם אָבער האָט ניט נאָר פיער טירען פאַר'ן אורח, נאָר ער לויפט איהם נאָך איהם מהנה זיין. ער איז מקיים די מצוה „צדק צדק תרדוף", יאָג נאָך צדקה און גערעכטיג־קייט, ער אָנערקענט אַז דער וואנדערער איז אזוי באַרעכטיגט צו אַ היים, אַ נאַכטלעגער און אַ מאָל־צייט ווי ער. כחום היום, פונקט ווי די זון טהוט חסד, וואַרעמט און גיט ליכט צו אַלעמען גלייך אָהן אונטערשיעד פון רייך און אָרעם, „המאיר לארץ ולדרים עליה ברחמים", אזוי דאַרף דער מענש טאָן חסד מיט מענשען.

אברהם, דער ערשטער וואָס האָט אָנערקענט דעם בורא, שיש אדון לבירה איז אויך דער ערשטער געווען צו מקיים זיין די מצוה פון הכנסת אורחים. גאָטהייט און הכנסת אורחים זיינען איינע און די זעלבע, האָט דען גאָט ניט אָנגעזאָגט אברהם ביים ברית בין הבתרים אז זיינע קינדער וועלען זיין גרים אין א פרעמדען לאַנד, „וגר יהיה זרעך בארץ לא להם. אברהם האָט פאַרשטאַנען די טראַגעדיע פון זיינע קינדער, ווי פרעמד זיי וועלען אין גלות זיין. כאורח נטה ללון, א וואַנדער פאָלק אָהן א היים און אָהן א לאַנד. יאָ, אברהם האָט געפיהלט דעם צער פון זיינע קינדער, דעם נפש הגר, און ניט איינמאָל האָט איהם זיין הארץ וועה געטאָן, און ניט איין טרעהר האָט זיין פאַטריאַכאלישען פנים באַנעצט, און אברהם האָט איבערגעלאָזען גאָט און געלאָפען צו די אורחים, לערנען די מענשהייט די גרויסקייט פון הכנסת אורחים בכלל און בפרט.

ווער נאָך ווי מיר אידען, אברהם׳ס אייניקלאך, דאַרפען מיטפיהלען דעם גר און פאַרשטעהן זיין לאַגע? ס׳איז צו באַמערקען, אז די מצוה פון הכנסת אורחים ווערט ניט אָנגעזאָגט אין דער תורה אלס דירעקטער צווי, מצות עשה, ווי אַלע אנדערע מצוות, נאָר מיר לערנען עס אָפּ פון אברהם׳ן און פון דער מצוה נתן תתן, אָדער פון דער מצוה פון צדקה. די מצוה פון הכנסת אורחים איז ניט קיין אבסטראַקטע נאָר זי איז גענומען פון א קאָנקרעטען ביישפּיעל פון לעבען. און אָבוואָל הכנסת אורחים ווערט גערעכענט צווישען די מצוות אין „אלו דברים שאדם אוכל פירותיהם״... איז זי דאָך העכער אפילו פון צדקה און גמילות חסדים, ווייל די לעצטע צוויי קען מען מיט געלד מקיים זיין, אָבער עסען און אריין נעמען אין הויז ענטהאַלט שוין אלעס.

אין תענית כ״ג. דערצעהלט די גמרא: ווען מען איז געקומען צו אבא חלקיה, חוני המעגל׳ס אייניקעל און איהם

געבעטען ער זאָל מתפלל זיין פאר רעגען, האָט זיך אַ וואָלקען פריהער באַוויזען אין יענעם ווינקעל וואו זיין פרוי האָט מתפלל געווען, ווען מען האָט איהם געפרעגט, ווארום? האָט ער ערקלערט, ווייל אַ פרוי טהוט מעהר צדקה ווי אַ מאַן, זי איז אין דער היים און איז אַ מכנסת אורחים, זי גיט עסען דעם אורח, ווערענד איך קען נאָר געלד געבען און יענער מוז זיך מטריח זיין פאר עסען קויפען.

מר עוקבא האָט אין זיין שכנות געהאַט אַן אָרימאַן, וועמען ער פלעגט פיער זוזים אַלע וואָך אריינוואַרפען אין הויז, כדי דעם אָרימאַן ניט צו פארשעהמען. דער אָרימאַן האָט אָבער געוואָלט וויסען ווער זיין בעל טובה איז, און איהם נאָכגעשפיאָנירט. ווען ער האָט דערזעהן אַז מר עוקבא און זיין ווייב קומען און ווארפען אריין צו איהם די געלד, איז ער ארויסגעלאָפען פון הויז, זיינען זיי ביידע אַנטלאָפען. דער אָרימאַן איז זיי נאָכגעלאָפען ביז זיי זיינען אָנגעקומען צו אַ ברענענדען אויווען, זיינען זיי אין אויווען אריין, האָט מר עוקבא זיך פארברענט זיינע פיס, זאָגט איהם זיין פרוי, לייג ארויף דיינע פיס אויף מיינע, מיר ברענט ניט! האָט מר עוקבא ניט געקענט פארשטעהן ווארום זיין פרוי שאַט קיין פייער ניט. האָט זי איהם ערקלערט: כ׳בין אימערצו אין דער היים, קומט אַן אָרימאַן גיב איך איהם עסען, אָבער דו גיסט געלד דארף ער געהן זיך איינקויפען עסען (כתובות ס״ז).

צדק צדק תרדוף, צוויי צדקות, צדקה פון געלד און צדקה פון הכנסת אורחים.

ווארשיינליך זיינען די פרויען פון אבא חלקיה און מר עוקבא געווען אַן אויסנאהם, ווארום ווי געוויינטליך איז „אשה עינה צרה באורחים״, א פרוי וויל אַמאָל ניט ליידען ווען אַן אורח קומט.

יוסי בן יוחנן איש ירושלים אומר, יהי ביתך פתוח לרוחא ויהיו עניים בני ביתך ואל תרבה שיחה עם האשה

(אבות א׳) ירושלים׳ער אידען זיינען געווען גרויסע מכניסי אורחים. מנהג גדול היה בירושלים, מפה היתה פרוסה על גבי הפתח, כל זמן שהמפה פרוסה אורחין נכנסין (בבא בתרא צ״ג) ביים טיר פלעגט זיין אַ טישטוך אויסגעשפרייט מען זאָל וויסען אז איצט איז די צייט פון עסען און אריינקומען, און יוסי בן יוחנן הייסט אַלעמען זיך אזוי נוהג זיין, האַלטען אָפען די טירען „לרוחה״ און אָרימע זאָלען ביי דיר פאר בני בית פאררעכענט ווערען, גיב זיי מיט שמחה ווי דו גיסט דיינע קינדער, פארגעס ניט אז די וועלט איז א גלגל החוזר, איצט דארף דער אורח אָנקומען צו דיר, ס׳קען טרעפען פארקעהרט, וועסטו דאן מיטפיהלען יענעם, מדה כנגד מדה, וועסטו רחמנות האָבען אויף יענעם וועט יענער נאָכהער רחמנות האָבען אויף דיר. הכנסת אורחים מיינט ניט נאָר פאר אָרימע, לרוחה דארף דיין טיר זיין אָפען פאר אלע, און ארגומענטיר ניט צו־פיעל מיט דיין ווייב וועגען הכנסת אורחים, הגם „כגופו״ מען דארף דער פרוי אַכטען און ליבען ווי זיך אליין אָבער צו הכנסת אורחים האָט עס ניט, מעגסט איהר ניט פאָלגען ביי דער מצוה. אויך אברהם האָט משנה געווען, שרה האָט גע־הייסען נעמען קמח — פראָסטע מעהל און ער האָט סלת — פיינע מעהל גענומען.

בזמן שבית המקדש קים מזבח מכפר, עכשו שלחנו של אדם מכפר עליו (במדבר רבה), אמאָל פלעגט א קרבן מכפר זיין היינט פארנעמט דעם פלאץ הכנסת אוחרים, גאָט איז מוחל זיין כבוד, אברהם לאָזט איהם איבער און לויפט מקבל זיין די אורחים.

# דרוש להתמנות רב

## אינסטאַליישאַן

ת"ר מעשה ב"ר יוחנן בן ברוקא ור' אלעזר בן חסמא שהלכו להקביל את פני ר' יהושע בפקיעין. אמר להם: מה חידוש היום בבית המדרש"? אמרו לו: רבי, תלמידיך אנו ומימיך אנו שותין! אמר להם: אע"פ כן אי אפשר לבית המדרש בלא חדוש. שבת של מי היתה? של ר' אלעזר בן עזריה היתה, ובמה היתה הגדת היום? אמרו לו בפרשה הקהל ומה דרש בה, הקהל את העם, האנשים והנשים והטף. אם אנשים באים ללמוד נשים באות לשמוע, טף למה באין כדי ליתן שכר למביאיהן. אמר להם מרגליות טובה היתה בידכם ובקשתם לאבדה ממני, ואף הוא פתח ודרש: דברי חכמים כדרבונות מרועה אחד נתנו (קהל' י') למה נמשלו דברי תורה לדרבונות, לומר לך, מה דרבן זה מכוון את הפרה לתלמיה להוציא חיים לעולם, אף דברי תורה מכוונים את לומדיה מדרכי מיתה לדרכי חיים, אי מה דרבן זה מטלטל אף דברי תורה מטלטלין? תלמוד לומר וכמסמרות נטועים.

(חגיגה ג', תוספתא סוטה פ"ז).

מה חדוש היום בבית המדרש? וואָס איז נייעס אין שוהל? כ'זעה אַ שוהל אָנגעפילט מיט מענער, פרויען און קינדער אין אַ פשוט'ן איינפאכען טאָג, לא חדש ולא שבת היום (זונטאָג איז ניט שבת?) וואָס איז היינט אין שוהל? אינסטאַליישאַן פאר אַ נייעם רב, און מענער, פרויען און קינ-דער זיינען עס געקומען נעמען אַנטייל אין דער גרויסער שמחה. אידען זיינען דאָך דער עם הספר און האָבען ליעב

די תורה אפילו זיך מקריב זיין פאר איהר, „תנו כבוד לתורה״ אָפּגעבען כבוד דער תורה, און דער רב איז דאָך א לע־בעדיגע תורה, און איהר האַלט ווארשיינליך מיט רבא׳ן, וואָס איז אין כעס אויף די מענשען וואָס שטעלען זיך פאר דער תורה און ניט פאר א גרויסען מענשען. כמה טפשאי שאר אנשי דקיימי מקמי ספר תורה ולא קיימי מקמא גברא רבא (מכות כ״ב). איך האָב געזעהן אַז ביים אריינקומען אין שוהל פון אייער רב, האָבען אלע זיך געשטעלט מיט יראת הכבוד, אידען האָבען געלערענט חומש און געדיינקען „מפני שבה תקום והדרת פני זקן״ (זה שקנה חכמה). גאַנץ שעהן „לא אלמן ישראל״ די תורה מחזרת על אכסניה שלה, אויך דאָ אין אמעריקא ווייס מען צו שעצען דעם תלמוד חכם, אָבער — אויב איהר ווילט — איז דאָס קיין חידוש ניט. אינסטאַלליישאַנס זיינען בכלל קיין חדוש ניט אין אמעריקא. מען אינסטאַלירט אַלעמען, א פרעזידענט פון אַ שוהל, אין אַ לאָדזש א. אז. וו. און מען זאָגט פאר יעדען שבחים און ספּיטשעס, איז דאָך דער רב ניט קיין יוצא מן הכלל. מיר לעבען דאָך אין אַ דעמאָ־קראַטישע מדינה וואו מען לערענט דעם פרק „והיה כעם ככהן״ און אויב איהר ווילט איז די צערעמאָניע פון אינסטאַ־לירען אַ רב קיין חדוש ניט ביי דער זעלבער געמיינדע. כ׳בין זיכער, אז אייער רב וועמען איהר גיט אָפּ אזוי פיעל כבוד היינט טראַכט יעצט וועגען דער דרשה וואָס ער וועט דארפען האַלטען ביים דעם באַנקעט וואָס מען וועט איהם געבען ביים ברכת הפרידה ווען ער וועט דארפען זיין אַ עוקר את רגליו צו אנ׳אַנדער פּלאַץ. איך וויל חו״ש אייער כבוד ניט פוגם זיין, אָבער ס׳איז דאָך אַ ביטערער אמת. אין פילע אנדערע קהלות וואו אַ רב קומט אָן, איז ער לויט דער תלמודישער אויס־דרוק, געגליכען צו אַ קתון של זהב, אַ גאָלדענעם בעכער, געהט אַוועק אַ יאָהר, ווערט ער א קתון של כסף, אַ זילבערנער בע־כער, נאָכהער נחושת, חרס און אָם לעצט, אַ קתון של שופכין,

אַ בעכער מיט ווערמען אַלע וואַשען זיך און ער ווערט ארויסגע־וואָרפען. כ'האָף אַז אייער רב וועט ביי אייך אימערצו גע־האַלטען ווערען ווי אַ קתון של זהב, ווייל ער איז דאָך באמת אַ גדול בישראל, אַ בעל מדות א. אז. וו. און ער איז נאָך אַלעמען אַ גרויסער מענש אויך, און טאָמער זעהט זיך אַ פלעק — דאָס זעהט מען אויך אויף דער זון גאַנץ אָפט — און איהר דארפט דאָך ניט זיין ווי דער דור המדבר, עבירות זו־כער „והביטו אחרי משה", אויב איהר וועט ניט זוכען וועט איהר ניט געפינען.

כ'זעה פאר זיך אנ'עדה אידען, בעלי בתים, ווערמען כ'ליעב ניט אָנצורופען מיט'ן געוועהנליכען נאָמען „מעמבער", ס'פּאַסט זיך פאר אַ לאָדזש־ברודער, אָבער אין אַ שוהל איז אַ איד אַ בעל הבית, אַ שוהל איז ניט קיין קראנקען אָדער טויטען בענעפיט אָרגאַניזאַציע, ס'איז אַ הייליגטום און דער רב איז א כהן, כי שפתי כהן ישמרו דעת ותורה יבקשו מפיהם. כ'גלויב דעריבער אז דער שדוך איז עולה ליפה, איהר פּאַסט זיך פאר אייער רב און ער פאר אייך „יש אדם כעור ולבושו נאה, יש אדם נאה ולבושו כעור" אבל ישראל נאה לא"י וא"י נאה לישראל שנאמר: אף נחלת שפרה עלי (מדרש תהילים). ס'גיט אַמאָל אַ געמיינדע וואָס איז צו קליין פאר איהר רב, דער רב קען זיינע גייסטיגע פליגלען ניט פארשפרייטען, ער פיהלט זיך ווי אַ לויתן אין אַ קלאטקע און אַמאָל אויך פאר־קערט, דער רב איז ניט גרוים גענוג פאר זיין קהלה, אָבער ביי אייך קען איך זאָגען לדבק טוב, ס'זאָל זיין מיט מזל און הצלחה.

מה הדוש בבית המדרש? אי אפשר לבית המדרש בלא חדוש. דאָס וועט זיין א חדוש אין גאַנץ אמעריקא אויב אייער שוהל וועט וויסען ווי בכבוד צו האַלטען אייער רב און ער'ט מאַריך ימים זיין על כסא ממלכתו, און איהר'ט זיין לנס „ממנו יראו וכן יעשו", אַנדערע קהלות וועלען אייך נאָכטאָן,

ווייל מיט אַנ׳אמת איז עס טראַגיש דער אַמעריקאַנער סיסטעם פון אויפנעמען אַ רב בלויז פאר אַ טערמין. יעדער בעל מלאכה האָט זיין היים, און קיינער קען איהם ניט צווינגען עוקר צו זיין נעמען אַ רב בלויז פאר אַ טערמין. יעדער בעל מלאכה האָט זיין היים, און קיינער קען איהם ניט צווינגען עוקר צו זיין מיט זיין פאמיליע, ווי דער פאל איז מיט אַ רב, ווען זיין טערמין געהט אויס. און ניט נאָר דער רב ליידט, די קהלה ליידט מעהר, וואָס מעהר דער רב שטעהט אין אַ קהלה וויים ער די הצטרכות הקהל און ווערט מעהר באַקאַנט מיט די נשמה פון זיין קהלה. תלמידי חכמים כל זמן שמזקינים דעתן מתישבת עליהם, א רב וואָס עלטער ער ווערט אויף זיין פלאַץ, אלץ מעהר נוצליכער און באַזעצליכער ווערט ער. אָרטאָדאָקסי אין אַמעריקא איז דערפאר א גרויסער דורכפאַל. ס׳פארלירט דעם רעספעקט ביי די יונגוואַרג צוזעהענדיג ווי די זאַגענאַנטע פרומע אידען באַהאַנדלען זייערע רבנים וועמען זיי זיינען מחויב אָפּצוגעבען כבוד.

ויהי בנסוע הארון ויאמר משה קומה ד׳ ויפוצו אויביך וינוסו משנאיך מפניך, ווען דער ארון דאַרף אָנהויבען צו וואַנדערען שרייט משה, הויב זיך דו, גאָט, אויף, ווייל די אַטאַקע איז ניט אויפ׳ן רב, דער אָנפאַל, גאָט, איז אויף דיר און אויף דיין תורה, וואנדער גאָט צוזאמען מיט׳ן לעבעדיגען ארון הקדש, ווען דער ארון וואַנדערט איז עס אַ סימן פון שנאה, און ווייל זיי זיינען דיינע שונאים אויך רבש״ע, צושפרייט זיי, פאַרטרייב דיינע שונאים, אָבער „ובנוחה יאמר: שובה ד׳ רבבות אלפי ישראל למנוחתך״, ווען דער רב האָט אַ היים ווי אַלע מענשען זאָגט דער ארון שובה ד׳, קער זיך צוריק, גאָט, אויף דיין פלאַץ, דאַן זיינען זיי רבבות אלפי ישראל, די זעלבע וועלכע זיינען ביים באַרג סיני געשטאַנען און מקבל געווען די תורה, ויחן ישראל נגד ההר, זאָגען די חז״ל אומעטום שטעהט ויחנו, ויסעו בלשון רבים און ביי קבלת התורה שטעהט

ויחן בלשון יחיד, אלע זיינען געווען בעצה אחת איז עס געווען שלום. אויך איהר מיינע אידען זייט מקבל איצט אַ תורה, לאָמיר האָפען אַז יאָהרען שפּעטער וועט זיין ביי אייך דער זעלבער שלום און אחדות, אימערצו ניי, ווי אַ תורה וועלכע איז כחדשה ולא כישנה. ביי דער קבלת התורה שטעהט „ביום הזה באו מדבר סיני, „ביום הזה" ניט „ההוא" ווייל „הוא" קלינגט היסטאָריש, עפּעס ווי אַ זאַך וואָס איז פאַרעלטערט גע־וואָרען, אָבער „היום הזה" מיינט אַז דער כבוד התורה איז אַלע מאָל ניי, פּונקט ווי זיי וואָלטען „היינט" געקומען צום מדבר סיני.

אויף ר' יהושע'ס פראגע, אין ערשטען מאמר, וועמעס שבת ס'איז געווען צו דרשה'נען (ווייל ר' גמליאל פלעגט דרשה'נען דריי שבתים און ר' אלעזר איין שבת) האָבען זיי געענטפערט אַז ס'איז געווען דער שבת פון ר' אלעזר בן עזריה, דער שבת ווען מען האָט אינסטאַלירט ר' אלעזר בן עזריה אלס נשיא, און זיין טעקסט איז געווען דער פסוק וועל־כען דער מלך פלעגט דאַרפען לייענען אין שמיטה יאָהר: הקהל את העם, האנשים והנשים והטף, מענער זיינען געקו־מען לערנען, פרויען — פאָלגען, קינדער — דורך זיי זאָלען זיי־ערע עלטערען קריגען שכר פאר ברייגגען זיי אין שול אריין. די פראגע איז דאָ ווי אזוי קומט ר' אלעזר בן עזריה זיך באַ־נוצען מיט אַזאַ טעקסט פון דער תורה, וואָס האָט צו טאָן מיט שמיטה? דער תירוץ איז, מיר ווייסען אַז די התמנות פון ר' אלעזר בן עזריה אלס נשיא איז ניט אַזוי גרינג צו געגאנגען, ס'האָבען זיך צו דעם פּאָסטען געפונען אַנדערע קאַנדידאַטען, נאָר ביי יעדען אַנדערען האָט מען אַ פּסול גע־פונען, אפילו דער גרויסער ר' עקיבא האָט ניט געקענט קריי־גען דעם פּאָסטען, עפּעס איז געפונען געוואָרען אַ פּגם אין זיין משפחה, און באין ברירה איז ארויסגעפאַלען אויף ר' אלעזר בן עזריה, איז אָבער ערשטענס געווען נאָך גאַנץ יונג, סך

הכל אכצעהן יאָהר, און שנית האָט ער געדאַרפט פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון דעם אַראָפּגעוואָרפענעם רבן גמליאל. דער נייער נשיא האָט זיך ניט געפיהלט באַקוועם, גלייך ביים אינ־סטאַלליישאָן האָט ער געפיהלט דעם לאַסט פון אַ מאַן וואָס איז זיבעציג, הרי אני כבן שבעים שנה, עפּעס אַ קלייניגקייט זיין אַ רב ביי אידען, וואו מען דאַרף יעדען צופרידענשטעלען, און יעדער זאָגט אַ מיינונג וועגען רב. איינער זאָגט, אַז דער רב איז צו פיעל יושב אהל, זיצט צופיעל אויף הלכה און זאָרגט זיך כלל ניט פאַר'ן יחיד, איז זיך ניט עוסק אין די הצטרכות הקהל. אַנדערע זאָגען פאַרקעהרט, דער רב מישט זיך צופיעל אין אלעם, און אין זאכען וואָס געהען כלל ניט אין זיין חוג אריין, אַ רב דאַרף זיצען און לערנען. ר' אלעזר בן עזריה האָט באַ־טראַכט די אידען וועמען דער גלות האָט געמאַכט צו קוקען אויף אלעם מיט אומצטרוי און שלעכטע קריטיק, פּונקט ווי ר' שמעון בן יוחאי, וועלכער איז דרייצעהן יאָהר געווען אין אַ הייל, און ווען ער איז ארויס פון דער מערה האָט ער בלויז פינסטערניש געזעהן, אויף אַלעם וואָס ער האָט אַ קוק געטאָן איז פאַרברענט געוואָרען, און צו זיין אַ מנהיג ביי זיי איז איינע פון די שווערסטע זאַכען, האָט ער גע'דרשה'נט זיין אינסטאַלליישאָן רעדע אויפ'ן פּסוק פון „הקהל", פאַר שלום און אחדות האָט ער גערופען, ער בעט מענער זאָלען לערנען און פאַרשטעהן זייערע חובות ווי צו שיצען די תורה, אין בור ירא חטא ולא עם הארץ חסיד, די לומדים וועלען ניט צולאָזען יעדערען אויסצודריקען אַ מיינונג וועגען רב און זוכען חטאים אויף איהם, אַז ער איז ניט פרום גענוג. „רבי טרפון זאָגט: תמה אני, אם יש בדור הזה מי שמקבל תוכחה, אם יאמר לי טול קיסום מבין עיניך, אמר לו טול קורה מבין עיניך" (ערכין ט"ז), כ'צווייפעל אויב ס'געפינט זיך אַ מענש אין דעם היינטיגען דור וואָס זאָל וועלען הערען מוסר, ווען דער רב מוסר'ן און הייסען יענעם אראָפּנעמען אַ שפּענדעל

פון זיינע אויגען, וועט יענער איהם ענטפערען: נעהם, רבי, אַרונטער אַ באַלקען פון דיינע אויגען. דער מאמר קומט אוים שווערליך, קען עס זיין אז דער מוכיח זאָל ערגער זיין פון זיינע צוהערער? ר׳ טרפון דריקט דאָ אוים אַ טיפע איראָניע און בייסענדע סאַטירע אויף דעם חשבון פון די וועלכע זוכען מומים אויף׳ן תלמיד חכם, אליין זיינען זיי די גרעסטע בעלי עברה און האַלטען זיך פאר די גרעסטע צדיקים, אָבער דעם וואַטשט מען אויף דער קלענסטער זאַך, יעדע האָר ווערט אַ באַרג. שטעלט אייך פאָר, אַ מענש געהט אין גאַס, שטרוי־כעלט זיך אָן אַ שטיין און פאַלט, וועט עס ניט ארויסרופען אַזאַ געלעכטער ווען איינער שטרויכעלט זיך איבער אַ שפענדעל און פאַלט אין גאַס. אזוי איז אויך אין גייסטיגע זאכען אָדער אין אָפּהיטען אידישקייט. מיר זיינען גרייט אַ אידען מוחל צו זיין אן עברה צוליעב פרנסה, אָבער צו פארבייגעהן גרויסע מצוות צוליעב אַ קליינינקייט, צוליעב אַ שפענדעל איז שוין קיין אַנטשולדיגונג דאפיר ניטאָ. דער מוכיח זאָגט: טול קיסם מבין עיניך, צוליעב נאַרישקייט, צוליעב אַ פרוטה איז ניט כדאי עובר צו זיין אויף דער תורה, צוליעב אַ שטיקעלע כבוד מדומה איז ניט כדאי צו מאַכען מחלוקת, עובר זיין אויף לא תקום ולא תטור, לא תלך רכיל, לא תשנא את אחיך בלבבך א. ז. וו. וועט ער ענטפערען: טול קורה מבין עיניך, כ׳האָב דיר אַמאָל געזעהן פאַלענדיג איבער אַ באַלקען, ער האָט געזעהן דעם רב פארבויגען א קליינינקייט, אויף אַ זאַך וואָס איז בעצם אַ נאַרישקייט וואָס געפינט זיך ניט אין דער תורה, ניט אין תלמוד און ניט אין חיי אדם, נאָר פראָסטע עם הארצים האָבען דאָס איינגעפירט. ס׳גיבען אַזוינע פילע מנהגי שטות און וועלכע ס׳איז פשוט געצענדינערייי, און דער פשוט׳ער המון האַלט עס פאר תורת משה, און דער רב האָט עס פארבויגען, ס׳מיינט, געשטרויכעלט געוואָרען אין די אויגען פון פראָסטען חי וקים, צוליעב אַ באַלקען.

ר׳ אלעזר בן עזריה האָט זיך פאררופען אויף די שטיצע פון די לומדים, גדול הלימוד, שהלימוד מביא לידי מעשה, און אויב לומדים וועלען שטעהן אייער רב לימין צדקו וועט ער זיין ביכולת אויפצוטאָן פאר אייך אַ סך אין אידישקייט און צדקה מוסדות. ער האָט אויך אַפּעלירט צו פרויען „למען ישמעו", אַז זיי זאָלען פאָלגען אום אַנצוהאַלטען אידישקייט. אויך אין זיין, ר׳ אלעזר בן עזריה׳ס צייט, איז דאָס גאַנצע אידישקייט געלעגען אין די הענד פון די פרויען זיי מאַכען דעם שבת, יו״ט, האַלטען אַ כשרה היים, זיי דאַרפען מחנך זיין אַ דור פון אידען, און אויב אין זיין צייט איז עס געווען אזוי, איז עס זי־כער היינט צו טאָג אין אמעריקא, וואו די גאַס איז ניט אידיש, סקול אויך ניט. די איינציגע וואָס איז אונז געבליבען איז די היים און אויב דאָס איז פארלאָרען איז אלעס פארלאָרען. ווען אייער רב אַפּעלירט צו אייך פאר אידישקייט, פאר שטיצען אַנשטאַלטען וועמעס צוועק איז אויסצוהאַלטען אידישקייט ביים לעבען, זאָלט איהר איהם פאָלגען. און האָט ער די קליי־נע קינדער דערזעהן אין שוהל אַנטייל נעמענדיג אין זיין שמחה, האָט ער זיך געפרעהט, „עיני כל ישראל בהם תלוים", זיי דאַרפען דאָס פאראייביגען אידישקייט, און ר׳ אלעזר האָט פארזיכערט די עלטערען שכר פאר ברייננגען זייערע קינדער אין בית המדרש.

איידער מען נעמט אַ רב, זיינען מיינונגס פארשידענ־הייטען נאַטירליך, און מחלוקת אין אַ קהלה דערפאר איז אויך נאַטירליך, אָבער ווען דער רב ווערט שוין אַנגעשטעלט דאַר־פען אלע מיינונגס פאַרשיעדענהייטען פארשווינדען און די הנהגה פון שטאָט געהט איבער צו איהם, די שטאָט הערט אויף צו זיין הפקר, ווי שמיטה וואָס איז הפקר לכל.

ווען ר׳ יהושע האָט דערהערט די איבערגעגעבענע דרשה פון ר׳ אלעזר בן עזריה האָט ער, ר׳ יוחנן בן ברוקא און ר׳ אלעזר בן חסמא, אויסגע׳מוסר׳ט פאר וועלען פערהאַל־

מען אזא טייערען פערל פון איהם, ווייל ס׳איז דאָך באמת א דבר בעתו, און ר׳ יהושע האָט אויסהערענדיג דאָס געמאַכט אַן אַפּיעל פאר אחדות. אזוי ווי גאָט איז פון איין „חטיבה״ אזוי דארף די אומה הישראלית זיין איין חטיבה פון איין שניט, אחדות, ומי כעמך ישראל גוי אחד בארץ א פאראייניגטער פאָלק, און נאָך א דרשה האָט ר׳ יהושע צוגעלייגט: דברי חכמים כדרבונות וכמסמרים אי מה דרבן מטלטל אף דברי תורה מטלטלין, אזוי ווי א געשפּאַן אויף א בהמה וואָס אַקערט, ווערט אַמאָל אראָפּגערוקט פון פלאַץ וואָלט איך מיינען אַז די תורה דארף אויך אזוי זיך אָפּרוקען און וואנדערען — ניין עס דארף זיין כמסמרים, אזוי סאָליד ווי טשוועקעס וואָס האַל־טען אלעס צוזאמען. ניין דער רב דארף ניט און טאָר ניט זיין א שטענדיגער וואנדערער, ער דארף זיין אין זיין קהלה ווי א מסמר נטוע ווי א יתד נאמן שכל בית ישראל נשען עליו.

מען האָט א רב, אַן אַלטען גאון וואָס איז געזעסען על כסא הרבנות אין יוראָפּ קרוב צו פערציג יאָהר (הגאון ר׳ חיים נתן שאכעט זצ״ל, דעם פאָטער פון דעם מחבר פון די שורות) ווען ער איז געקומען אין אַמעריקא, געפרעגט: רבי, וואָס דענקט איהר פון אַמעריקאנער אידישקייט? האָט ער גע־ענטפערט מיט א משל: ווינטער, ווייסט איהר, ווען ביי נאַכט פאלט א שנעה, ווערען אלע וועגען פארשאָטען, און אין דער פריה איז כמעט שווער צו געפינען א וועג, ווער רעדט נאָך פון געפינען א וועג אין פרייען פעלד איז געווים אוממעגליך. דער איינציגער וועג בלייבט נאָר צו געהן אין דעם סליאַד (פוס טריט) פון קעץ און כלבים א. אז. וו. וועלכע זיינען די ערשטע אויסצוטרעטען א וועג און מענשען פאָלגען זיי נאָך. אזוי איז דאָ אויך מיט רבנות און אידישקייט, מיט דרייסיג־פערציג יאָהר צוריק ווער האָט איינגעוואנדערט אין אַמעריקא? — אַנטלאָפענע סאָלדאַטען, פושטי רגל, באַנקראָטירער, גנבים, סיבירניאקעס, די, וואָס האָבען קיין עברי אפילו ניט געקענט

און זיי האָבען עס אויסגעטראָטען דעם וועג פאר אידישקייט, און די איצטיגע בעלי בעלי בתים שוין אַ שעהנערער, איידע־לער עלעמענט געהען נאָך אין זייערע פוס־טריט, און דערפאר איז די לאַגע אַזאַ קלעגליכע.

איך וויל אויך, ווערטהע בעלי בתים, אַז איהר זאָלט פארשטעהן, אַז אייער רב איז ניט מעהר ווי אַ רב, אַ גייס־טיגער פיהרער, ער טאָר ניט זיין קיין סאָשעל דירעקטאָר אָדער אַ פינאַנס אַגענט פאר דער שול, ער דאַרף ניט און טאָר ניט באַטראַכט ווערען ווי א „פולער אין" אָן ארריינשלעפער טרייד, אייער שוהל איז ניט קיין סטאָר, און דער רב איז ניט קיין סיילסמאַן. עס דערמאָנט מיר אָן אַ גרויסער שוהל מיט אַ גרויסען מאָרטגיידזש נאָר אָהן אַ רב, די באָרד אָף דירעק־טאָרס זאָרגענדיג פאר די חובות האָבען באַשלאָסען נעמען אַ רב וואָס זאָל שוין זאָרגען פאר דעם — ניין דאָס איז ניט די אויפגאבע פון אַ רב!

די חז"ל דערצעהלען פון אַ פאַל אין אַ שטעטעל וועל־בע האָט אַזאַ סאָרט רב געדארפט און ס'איז געווען א דורכ־פאל, דער רב קאַנדידאַט האָט זיך פשוט דערשראָקען. אָט איז דער מאמר חז"ל: בני סימוניא אתון לגבי רבי אמרין ליה רבי תן לן חד בר נש, דריש, דיין וחזן, סופר מתניין ועבד לן כל צרכינן ויהיב לון לוי בר סיסי, עשו לו בימה גדולה והובילוהו עליה, אתון ושאלו ליה הגידמת במה היא חולצת? ולא אניבון, רקה דם? ולא אניבון אמרין כל מה דלית הוא מרי אילפן נשאל ליה, שאלון ליה באגדה, אתון ושאלון ליה מה הדין דכתב „אבל אגיד לך את הרשום בכתב אמת" (דניאל י') אם אמת למה רשום ואם רשום למה אמת? ולא אניבון. אתון לגבי דרבי אמרון ליה הדין פיסונא דפייסנתך? אמר לון חייכון בר נש דכויתי יהבית לכון. שאל איתיתיה ושאל ליה, אמר ליה רקא דם מהו? אמר ליה אם יש בו צחצוצית של רוק כשר. הגידמת במה היא חולצת, אמר

ליה בשניה, אמר ליה מה הדין דכתיב אבל אגיד לך את הרשום בכתב אמת, אמר ליה, עד שנחתם גזר דין רשום, משנחתם גזר דין — אמת, (ירושלמי יבמות פי"ב). ..

די בעלי בתים פון סימוניא (אַ שטעטעל) זיינען געקו־מען צו רבי'ן און געבעטען ער זאָל זיי רעקאָמענדירען אַ רב, וועלכער זאָל זיין אַ דרשן, אַ דיין, אַ חכם, אַ מלמד און טאָן אַלע קהל'שע ארבייט, האָט ער זיי רעקאָמענדירט לוי בר סיסי, האָט מען איהם אינסטאַלירט און געפרעגט דערביי געוויסע שאלות וואָס האָט צו טאָן מיט חליצה און אויך אין דרוש און ער האָט זיי ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערען, זיינען די בעלי בתים געקומען צו רבי'ן איהם פאַרגעהאַלטען פאר וואָס ער האָט זיי אַזאַ פראַסטען רעקאָמענדירט. רבי ערקלערט זיי אַז ער האָט זיי געגעבען אַזאַ גדול בתורה ווי ער איז אליין. ווען רבנו הקדוש האָט געשיקט רופען לוי בר סיסי און איהם געפרעגט די שאלות האָט לוי גלייך געענטפערט ווי דער דין איז, — פאַרוואָס האָסטו זיי ניט געענטפערט? פרעגט רבי איהם — איינפאך זייער אינסטאַליישאָן איז געווען אַזאַ גרויסער אַז איך האָב זיך פשוט דערשראָקען.

נאָך אַלעמען איז אייער רב ניט מעהר ווי אַ מענש און ס'איז אוממעגליך נאָך צו קומען אַלע פליכטען וואָס אַמעריקאַנער קהלה פאָדערט פון אַ רב, און דאָס מיינט די גמרא: מיום שחרב בית המקדש שרו חכמיא למהוי כספריא, ספרא כחזניא, וחזניא כעמא דערעא (סוטה מ"ט) נאָכ'ן חורבן בית המקדש איז דער כבוד התורה אזוי געפאַלען אז די בעלי בתים האָבען ערלויבט די תלמידי חכמים ווערען מלמדים, אַ רב איז ניט קיין מקרא דרדקי. שוין צייט אַמעריקאַ זאָל אויפ־הערען אַדווערטייזען פאר אַ רב אַ „כל בו", ער זאָל זיין אַ רב, אַ דרשן, אַ פוסק און אַ וועלט קענער, און אַ מלמד, אָר־גאנאיזער, בעל קריאה, בעל תוקע א. אז. וו. אלעם פאר הונ־גער שכירות. אי סיפא לאו ספרא וספרא לאו סיפא.

די כהנים און לוים האָבען קיין נחלה ניט געהאַט, ד׳ הוא נחלתם, די פאָלק׳ס לעהרער האָבען קיין אנדערע מקורי פרנסה ניט געהאַט בלויז פון תרומות און מעשרות, וועלכע דאָס פאָלק פלעגטביישטייערען, זייער גאַנצע צייט האָבען זיי געמוזט אָבגעבען דער עבודה אין בית המקדש, אויך אייער רב טאָר ניט האָבען קיין דאגת חיונה. זיין גאַנצע צייט, ענערגי און פעהיגקייט דאַרף זיין געווידמעט צו לערנען תורה „עץ חיים היא למחזיקים בה, ללומדיה לא נאמר אלא למחזיקים" דער וואָס איז מחזיק א ת״ח האָט א חלק אין זיין תורה.

אייך, ווירדיגער רב, וויל איך קיין מוסר ניט זאָגען, אויפ׳ן פסוק ויהי בימי שפוט השופטים, זאָגט דער מדרש, אוי לדור ששופט את שופטיו ואוי לו לדור ששופטיו צריכים להשפט, אָבער די חז״ל זאָגען: כתיב ואצוה אתכם, בעת היא וכתיב ואצוה את שופטיכם בעת היא, אמר ר׳ אלעזר אמר ר׳ שמלאי: אזהרה לצבור שתהא אימת דיין עליהם, ואזהרה לדיין שיסבול את הצבור. ער כמה? אמר ר׳ חנן כאשר ישא האומן את היונק (סנהדרין ח׳) אזוי ווי דער צבור דאַרף רעספעקטירען דעם רב דאַרף דער רב דולדען דעם צבור. נשיאות צו פיהרען איז דאָ צוויי וועגען, ברמה און ווארפען גאל אויף די תלמידים ווי רבנו הקדוש האָט געראַטען זיינע תלמידים נהוג נשיאותיך ברמה וזרוק מרה בתלמידיך, אָדער די וועג פון ודברי חכמים בנחת נשמעין, אוןביידע וועגען זיינען נוצליך נאָר דער רב דאַרף וויסען ווי אויסצונוצען זיי "אחוז בזה וגם מזה אל תנח ידיך". דער רב דאַרף זיך אמאָל באַנוצען מיט׳ן מקל חובלים, הגד לעמי פשעם ולבית יעקב חטאתם, ער דאַרף קיין מורא האָבען ווען דער אמת איז אויף זיין זייט, ער מוז שטראָפען און טאָר דעם „אטד" דאַרן ניט ערלויבען זאָגען „אני אמשול", ער מוז זאָגען דעם אמת, הגם דער אמת טהוט אָפט וועה. ער מוז לערנען מיט זיין געמיינדע ר׳ עקיבא׳ס מאמר: את ד׳ אלהיך תירא לרבות תלמידי

חכמים, ער דארף ארויפוואַרפען אַ געוויסע מאָס פון מורא אויפ'ן צבור, מפני מה נסמכו דינים למזבח (יתרו למשפטים) לרמז כי הדין צריך להיות עניו כמזבח כי אין סמיכה בבמה, צוליעב גאוה שטויסט ער אָפּ ס'פאָלק, דער פאָלק דארף אין רב פיהלען אַ פּערזענליכען פריינד, כל ת"ח שאין בו דעה נבילה טובה הימנו שנאמר ויקרא ד' אל משה, משה עומד בחוץ וד' קורא (מדרש) אזהרה לדיין שיסבול את הצבור, דער רב דארף פארשטעהן דעם צבור, דער דיין דארף פארשטעהן די נשמה פון פאָלק ווי די אַם פארשטעהט די פּסיכאָלאָגי פון יונק וועמעס עלטערען האָבען צו איהר צוטרוי, ער דארף זיך אַרונטערלאָזען צום פאָלק, זיך פאראינטערעסירען מיט די גייסטיגע פאָלקס ענינים, צרכי צבור, ער דארף זיין דער תל תלפיות שכל הפיות פונים אליו, דער צענטער פון כלל. דער דיין פונקט ווי דער מלך דארף צוויי תורות האָבען, אחת שנכנסת ויוצאת עמו ואחת שמונחת בבית גנזיו און דארף ווי־סען ווי און ווען זיך באַנוצען מיט זיי.

יפקד ד' איש על העדה אשר יצא ואשר יבוא לפניהם ואומר לדבק טוב — אמן.

---

# דרוש לשבת נחמו

## למזכרת נצח

### תפארת בנים אבותם

צום הייליגען אנדענק פון מיין פאטער הרב הגאון הגדול שר התורה ואוצר היראה חיים נתן זצ"ל שאבעט, דרשן נפלא, שפט את ישראל כחמשים שנה, שבק חיים לכל חי אור ליום ב' דשבועות תרפ"ב בפארט-לאנד מעין. בעל מחבר שו"ת זכר חיים ודברי חן על דרוש, — גיב איך דא איבער זיינע א דרשה פון מקור אין לשון קודש פון זיין ספר לדרוש „דברי חן",

אמר ר' יוחנן מפני מה לא נאמר נון באשרי? מפני שיש בה מפלתן של ישראל, דכתיב נפלה לא תוסיף קום בתולת ישראל. במערבא מתרצי לה הרי נפלה ולא תוסיף לנפול עוד קום בתולת ישראל. אמר רב נחמן בר יצחק אפילו הכי חזר דוד וסמכן ברוח הקודש שנאמר סומך ד' לכל הנופלים. (ברכות ד').

מיט אן אמת איז דא א פראגע אויף די בני מערבא, וואו שטעהט דען אין פסוק „ולא תוסיף לנפול עוד", און בכלל אין וואס קריגען דא די בני מערבא מיט ר' יוחנן? נאר ער־קלערענדיג די אנגעגעבענע פראגען וויל איך פריהער ער־קלעהרען דעם רבה בר בר חנא: „אמר לי ההוא טייעא תא ואחוי לך היכא דנשקי ארעא ורקיעא אהדדי שקלית לסלתאי ואנחתיה בכוותא דרקיע אדמצלינא בעיתא ולא אשכחתיה, אמינא ליה איכא גנבי הכא, אמר לי האי גלגלא דרקיע הוא דהדר נטר עד למחר ואשכחתיה" (ב"ב). פארשטענדליך אז פילע דרשנים האבען שוין געזאגט וועגען דעם מאמר, איך וויל אבער איהם ערקלערען אויף מיין אופן.

אלע ווייסען אז דער מענש באשטעהט פון א גוף און א נשמה. דער גוף איז יענער חלק וועלכען פאטער און מו־טערביישטייערען און די נשמה איז א חלק אלה ממעל, פון גאט, דער גוף גלוסט אלעם ערדישעם, האט תאות פון עולם הזה, ווייל אזוי איז נאטירליך, יעדע זאך גלוסט איהר שרש נאך. די נשמה אבער גלוסט נאר צו געטליכעם, גאט האט ביידען באזארגט מיט זייער נויטיגען שפייז לויט זייער כאראקטער. דער גוף שפייזט זיך פון עסען און טרינקען, די נשמה ער־האלט זיך פון גייסטיגע שפייז, תורה ומעשים טובים, און אום צו האלטען די קרעפטען אין גלייכגעוויכט האט גאט משתף געווען דעם גוף מיט דער נשמה. למשל, איינער קויפט א הויז, א וויינגארטען, דוכט זיך אז דאס זיינען קערפערליכע זאכען, דאך זיינען זיי ארומגערינגעלט מיט מצוות, דינים פון אקערען, זייען, כלאי הכרם, כלאי זרעים, מתנות עניים, תרומה, מעשר, חלה, בכורים א. אז. וו. האט א מענש זוכה געווען צו עסען א שטיקעל ברויט פון זיין פעלד האט ער שוין פילע מצוות גע־טאן. ותורתך בתוך מעי, ס׳עסענווארג איז צוזאמענגעמישט פון מצות פון דער תורה, אלזא הייסט עס אז ביידע, סיי דער גוף סיי די נשמה האבען הנאה.

דער ענין פון שותפות צווישען גוף און נשמה קען גע־גליכען ווערען צו א קליינע שטעטעל וואו ס׳האבען געוואוינט רייכע מענשען וועלכע האבען זיך תמיד ארום געקריגט. יע דער האט זיינע נאכפאלגער געהאט און אזוי ארום האט זיך די גאנצע שטעטעל פארוואנדעלט אין צוויי קריגס לאגערען. האט אבער דארט געוואוינט א חכם וואס האט געוואלט שלום צווישען די צדדים האט ער געפונען א מיטעל משדך זיין מענשען פון די צוויי צדדים, א זוהן פון איין צד מיט א מיידעל פון צווייטען צד און אזוי ארום וועט ווערען שלום.

דער מענש איז געגליכען צו א שטעטעל ווי קהלת זאגט: „עיר קטנה" און זי האט צוויי וואס ווילען געוועלטיגען

איבער איהר, די תאווה און דער שכל (מדרש) און ביידע, דער גוף און די נשמה קריגען זיך אַרום. האָט דער כביכול גע־מאַכט אַ פשרה, ביידען פאַראייניגען דורך די מצוות וואָס רינגלען אַרום דעם מענשענ׳ס לעבען און יעדער קריגט זיין שפייז. און דעם מענשען איז געגעבען געוואָרען דער פרייער אויסוואַל, די בחירה, וועלכער פון ביידען זאָל זיין דער מושל איבער׳ן צווייטען, און דאָס איז די כונה פון רבה בר בר חנה. תא ואחוי לך קום איך וועל דיר ווייזען וואו הימעל און ערד קושען זיך, ס׳הייסט ווי מען קען מאַכען שלום צווישען גוף און נשמה, ויקרא אל השמים מעל — זו הנשמה ואל הארץ לדין, זה הגוף (סנהדרין חלק), און ווי ר׳ יוחנן בן זכאי האָט געזאָגט פאַר זיין טויט צו זיינע תלמידים: ולא עוד אלא שיש שני דרכים, אחת לגיהנם ואחת של גן עדן. און די בחירה איז געגעבען געוואָרען צום מענשען אויסצוקלייבען זיין וועג. האָב איך, זאָגט רבה בר בר חנה, גענומען מיין קאַרב מיט ברויט, שקלית לסלתאי, און האָב עס אַוועקגעלייגט אויפ׳ן הימעלשען וועג, ס׳מיינט, דער גוף און נשמה זאָלען ווערען פאַראייניגט, האָב איך געוואָלט קריגען אַ ביסעל שכר פאַר מיינע מצוות אויף דער וועלט „אדמצלינא בעיתיה ולא אשכחיתיה״, ווייל שכר מצוה בהאי עלמא ליכא, ואמרינא איכא גנבי הכא — מען וויל פון מיר מיין שכר גנב׳ענען, איך האָב די מצוות וואָס האָבען צו טאָהן מיט אכילה, שתיה, לקט, שכחה, פאה, צדקה, גמילות חסד, הכנסת אורחים מקיים גע־ווען, בכל דרכיך דעהו, דאַרף אַ מענש דאָך געווים זיין שכר אויף דער וועלט קריגען, ווייל אַזוינע מצוות ווערען דאָך גע־טאָהן נאָר לשם שמים און איז גובר דעם יצר הרע, מי איכא גנבי הכא — פאַרוואָס זאָלען אַזעלכע מצוות ניט אריינ־געבראַכט ווערען אין אלו דברים שאדם אוכל פירותיהם בעולם הזה, האָט ער מיר געענטפערט גלגלא דרקיע הוא דהדר, די וועלט האָט ניט קיין תפיסה, אלעס איז נאָר צייטווייליג,

נטר עד למחר ואשכחיתיה, ווארט אויף מארגען, שכר מצוה בהאי עלמא ליכא, דארט איז דער עולם האמת, און וועסט דיין שכר קריגען, היום לעשותם ומחר לקבל שכרם.

ערקלערט דער בעל כלילת יופי דעם פסוק: והיה במקום אשר יאמר להם לא עמי אתם יאמר להם בני אל חי (הושע ב׳) מקום הייסט סבה, אורזאכע, ווי די גמרא דריקט זיך אוים „מה מקום לתפלה זו", די וועלכע לייקענען אין דעם שכר פון עוה"ב באגרינדען עס אויף די פראגע ווי אזוי קען איך האבען אמונה אין עוה"ב, ווען גאט צייגט ניט ארוים קיין שפע צו זיינע מענשען. מיר זעהען דאך ווי גוטע מענשען ליידען דא אויף דער וועלט אבער מיר ווייסען דאך די סיבה וועלכע איז כדי זיי צו געבען מעהר עולם הבא. און דאס איז וואס דער פסוק איז מרמז והיה במקום אשר יאמר להם לא עמי אתם, ווייל צדיקים אויף דער וועלט ליידען און ס׳איז פאראנען א אורזאכע אז גאט איז מואס בהם און זאגט: „לא עמי אתם", אט די זעלבע סבה וועט מאכען דאס גאט וועט זאגען צו די צדיקים אז זיי זיינען „בני אל חי", ס׳הייסט דעם שכר פון עוה"ב.

נמצא, אז מיר האבען זיך ניט וואס צו באקלאגען אויף גאט פאר ניט קריגען קיין שכר, אדער פאר די שלעכטס וואס עס פאסירען אונז.

די תורה איז טאקע מרמז אין פסוק: בצר לך ומצאוך כל הדברים האלה באחרית הימים ושבת עד ד׳ אלהיך (דברים ל׳). מיר׳ן עס מסביר זיין מיט א משל: צו א עושר, וועמען זיין זוהן האט זיך פארזינדיגט און ער האט איהם פארטריי-בען פון זיך, זיין הארץ האט איהם אבער וועה געטאן, פארט א זוהן, און פלעגט איהם שיקען שפייז און הוצאות, נאר גע-זעהען האט ער אז דער זוהן זאל ניט וויסען פון וואנען ס׳קומט דאס אלעס. א געוויסע צייט שפעטער האט דער פאטער אנ-געהויבען בענקען צום זוהן. פריינד, וועלכע האבען פארשטא-

נען אז אזוי זיך ארונטערלאזען פאר'ן פאטער דעם זוהן צוריק ברייננען איז אוממעגליך, בפרט ווען דער זוהן האט עם ניט פארדינט אויך, האבען געראטען דעם פאטער אויפצוהערען שטיצען דעם זוהן, וועט דאן דער זוהן קומען אליין און בעטען מחילה. דער נמשל: „בצר לך ומצאוך כל הצרות האלה", ווען עס וועט האלטען שלעכט און אלע טויערען פון פרנסה וועלען זיין געשלאסען, און דער איד וועט אנהויבען בעטען השיבנו ד' אליך ונשובה, דאן ושבת עד ד' אלהיך, און דאס איז ועמיינט: „השליך משמים ארץ תפארת ישראל" ד. ה. ווייל גאט האט אונז ארונטערגעווארפען פון די הימלען דאס גופא איז תפארת ישראל, דאס גופא צייגט אז משיח וועט קומען, ווייל טיפער קען שוין דאס אידישע פאלק ניט פאלען.

און נאך אלע פסוקים און מאמרים וועלען מיר פאר־שטעהן דעם ערשטען מאמר, „ולא תוסיף לנפול עוד", איז אין מקור ניטא, און אין וואס איז ר' יוחנן מחולק מיט די בני מערבא. דער פסוק נפלה ולא תוסיף קום איז מרמז אויף די גאולה, די נפילה האט אפגעווישט פון זיי אלע עבירות, דאס איז געווען בהשגחה פרטית, היינט ווי באלד אז די נפילה איז ניט געווען דורך א צופאל נאר דורך די השגחה העליונה— מילא וועט שוין די השגחה ברייננען די גאולה.

די בני מערבא זיינען מחולק אין דעם אויסדרוק „קום" צו זאל ער געשטעלט ווערען לפניה אדער לאחריה, צו לעזען נפלה ולא תוסיף קום, בתולת ישראל, מיינט אז די ירידה וועט זיין שלא כדרך הטבע, אזוי אז מיר'ן פארשטעהן אז די נפילה איז געווען דורך דער השגחה און מילא וועט די גאולה אויך מו־זען קומען. די בני מערבא זיינען מודה צו ר' יוחנן אבער זיי דרש'ענען דעם „קום" בין לפניה בין לאחריה, נפלה „ולא תנפול עוד" ס'מיינט די נפילה איז געווען אזוי גרויס אז מעהר פאלען קען שוין ניט זיין, דערפאר טרייסט דער כביכול „קום

בתולת ישראל״, זיי געטרייסט און זיי ניט געפאלען און עס וועט זיין אַ תקומה און אַ גאולה.

נחמו נחמו עמי יאמר אלהיכם — אפילו ווען אלהיכם די מדה פון דין, ס׳הייסט אז די נפילה איז געווען מיט דין, דער משפט איז געווען צו שטאַרק, אָט דערפאר זייט געטרייסט.

---

# די שוהל און איהר היסטאָרישע וויכטיגקייט

אַן אָפּהאַנדלונג, לויט די מקורים פון תלמוד, ספרות הגאונים און שאלות ותשובות של ימי הבינים. בע־אַרבייט אין אידיש פון דעם ענגלישען אָריגינאל, פון דעם בוך
„דהי דזשואיש קאָורט אין די מידעל איידזשעס"
*The Jewish Court in the Middle Ages*
פון דעם מחבר פון דיזען בוך, הרב דוד מ. שאַכעט.

---

## אַ רייכער קוואַל פון אינפאָרמאַציע פאַר אָריגינעלע דרשות.

### 1) די שוהל אלס צענטער פון אידישען לעבען.

די שוהל איז געווען די איינציגע וויכטיגע אינסטיטוציע ביי די אידען אין מיטעלאַלטער. עס איז געווען דער צענטער פון דעם קהלה לעבען אין רעליגיעזען, אַלטעגליכען און סאָציאלען זינן. דער איד אין מיטעלאַלטער האָט באַטראַכט רעליגיאָן ווי אלעס-אומפאַסענד. אַלטעגליכע פּאַסירונגען פלעגען געהייליגט ווערען אין פארבינדונג מיט דער שוהל. די פאַרשיעדענע קהלה ארגאַניזאַציעס פלעגען דאָרט אָפּהאַלטען זייערע אסיפות. דער חרם פלעגט פּראָקלאַמירט ווערען פון דער בימה אין שוהל, און אַזוי אויך פלעגט אַ שבועה געגעבען ווערען אין שוהל. פּערזאָנען וועלכע זיינען באַשולדיגט געוואָרען אין „געמבלינג", פלעגען פון דער שוהל אויסגעשלאָסען ווערען. (מרדכי נזיקין, תרצ"ה).

### 2) דער פּלאַץ.

לויט דעם דין מוז אַ שוהל זיין געבויט אויף'ן העכסטען פּלאַץ אין שטאָט, און די שוהל-געביידע דארף זיין העכער פון די ארומיגע בנינים. ווען אַ פּריוואַטער בעה"ב האָט געוואָלט פארגרעסערען די הויכקייט פון זיין הויז, איבערצושטייגען דער הויך פון דער שוהל, פלעגט די קהלה פארוואלטונג פאָדערען פון איהם אַ ביישטייערונג צו פארהעכערען די שוהל אין פּאָר-פּאָרציע.

דער פּלאַץ אויף וועלכען די שוהל איז געשטאַנען, איז פאררעכענט געווען אלס דאָס אייגענטום פון דער גאנצער קהלה דערבייאיגע שכנים פלעגען מוזען קריגען אַ ספּעציעלע ער-לויבניש פון דער קהלה צו מאַכען איינריכטונגען אויף זיי-ערע הייזער, אזוי דאָס עס זאָל ניט שאדען דער שוהל געביי-דע און פארשטעלען איהר אויסערליכען אויסזעהן. דאַגעגען די קלאַגע פון מתפללים דאָס דער רויך פון אַ באָד אין דער שכנה'-שאַפט פון שוהל מאַכט זיי אונבאַקוועם ביים דאווענען, פלעגט פונדעסטוועגען איגנאָרירט ווערען. די טענה פון חזקה פון דעם אייגענטימער פון דער באד, פלעגט געשטיצט ווערען געגענאיבער די טענה פון די מתפללים.

### 3) דער בית-הכנסת און בית-מדרש.

אַ שאַרפע ליניע מוז געצויגען ווערען צווישען דעם בית הכנסת — אַ פאַרזאַמלונג-פּלאַץ, און דעם בית-מדרש — אַ שטודיר פּלאַץ, הגם די פערוואנדשאַפט צווישעןביידען איז געווען זעהר נאָהענט, פונדעסטוועגען זיינען זיי געווען אונ-אָפּהענגיג איינער פון צווייטען. דער בית-הכנסת איז הויפּט-זעכליך געניצט געוואָרען אלס בית תפלה, צום דאווענען פאר'ן פּובליקום, ווערענד דער בית מדרש איז געווען באַגרעניצט אויף לערנען, אין וועלכען רבנים און סתם תלמידי חכמים פלע-

גען דאַוונען (תשובת הגאונים, ליק זייטע 87). דער אונ־טערשיעד איז געווען אזוי בולט, דאָס עס פלעגט פיהרען צו משפטים ווען ער פלעגט פארלעצט ווערען. ערלויבנים צו בייטען די פונקציעס פוןביידע אינסטיטוציעס פלעגט געגע־בען ווערען אונטער זעהר שטרענגע תנאים: אַט איז אַ קאָנ־קרעטער פאל:

אַ מיטגליד פון דער קהלה האָט מנדב געווען אַ שטיקעל פלאַץ צו דער קהלה צום בויען דארויף אַ שוהל. האָט די אר־בייט געמוזט אָפּגעשטעלט ווערען צוליעב דעם פראָטעסט פון קריסטליכע שכנים. די קהלה האָט דארום באַשלאָסען אנ־שטאָט אַ שוהל צו בויען אַ בית מדרש (אַ סקוהל). דער מנדב האָט אָבער גע'טענה'ט דאָס זיין נדבה איז געווען אויף אַ בית כנסת, און ניט פאר אַ בית מדרש. ווען די שאלה איז פאָרגעבראַכט געוואָרען פאר דעם מהר"ם מרוטענבערג (אין 13טען יאָהרהונדערט) האָט ער גע'פסק'נט אין פארצוג צו דער קהלה, ווארום אזוי שנעל ווי די קהלה האָט אנאנסירט דעם פלאַץ אלס איהר אייגענטהום, האָט זי די געזעצליכע רעכט צו טאָהן דאַמיט וואָס זי וויל. פונדעסטוועגען האָט זיך גענוטיגט דעם מנדב'ס צושטימונג צו אַזאַ אומבייט, אין אזוינע שטעדט וואו עס האָט זיך ניט געפונען קיין „חבר עיר".

וואָס איז שייך דעם פארקויף פון אַ שוהל געביידע, מאַכט דער תלמוד אַ אונטערשיעד צווישען אַ שוהל אין אַ דאָרף און אַ שוהל אין אַ גרויסע שטאָדט. אין אַ דאָרף, אָדער קליינע שטעטעל, איז אַ שוהל געווען ערלויבט צו פארקויפען, ווייל נור די אָרטיגע איינוואוינער פלעגען ביישטייערען צו דער אויפבויאונג פון אַ שוהל, און דעריבער איז די געביידע געווען פאררעכענט אלס זייער פריוואַט אייגענטום. אָבער אין אַ גרעסערער שטאָדט, וואו דורכפאָהרער אָדער אורחים

גיבען אויך זייער ביישטייערונג, האָט די שוהל ניט געקענט פאַררעכענט ווערען אלס אייגענע פריוואַט אייגענטהום, זיי האָבען דעריבער ניט געהאַט קיין רעכט עס צו פאַרקויפען. דאַגעגען אין פאַל עס איז באַשטימט באוואוסט דאָס נאָר און בלויז די אנוואוינער פון שטאָדט האָבען ביישטייערט, דאַן האָבען זיי דאָס רעכט צו טאָהן מיט דער געביידע לויט׳ן וואונש, אלס זייער אייגענטהום. (אור זרוע 2, 385).

אַ קהלה האָט געהאַט דאָס רעכט צו באַטראַכטען אַ פריוואַטע שוהל אלס קהלה אייגנטום בלויז אין פאַל ווען דער באַזיצער פון דער שוהל האָט איבערגעגעבען צו דער קהלה אלע זיינע רעכטען אויף דער שוהל. אויב ער האָט אָבער איבערגעגעבען נאָר באַגרענעצטע פריוועליגעס, דאָס הייסט, בלויז צום דאווגען, האָט די קהלה קיין געזעצליכע רעכט געהאַט דערויף, ניט נאָר צו פאַרקויפען, נאָר אפילו ניט צו מאַכען אויסבעסערונגען. אפילו די יורשים פון דעם באַזיצער האָבען געהאַט דאָס רעכט מעכב צו זיין די קהלה אין אזעל־כע פאלען.

מאַנכע קהלות האָבען באַזעסען מעהר ווי איין שוהל, געוועהנליך איין גרויסע און איין קלענערע שוהל. די פרימערע פלעגען געבען פארצוג צו דאווגען אין דער קלענערער שוהל, ווייל די תפלות פלעגען דאָרט וועניגער זיין אונטערוואָרפען צו שטערונגען און אונטערברעכונגען. (ספר חסידים 1575).

אין אַ שטאָדט וואו עס איז ניט געווען קיין שוהל, האָבען די מיטגלידער געהאַט די געזעצליכע רעכט צו צווינגען אַלע אידישע איינוואוינער ביי צושטייערען צו דער איינריכ־טונג פון אַ שוהל, און פאר הוצאות איהר אויסצוהאַלטען, און אויך צו קויפען ספרי תורה (תוספתא בבא מציעא י״א; מרדכי נזיקין תע״ח).

לויט דיזען תלמודישען דין האָט מהר״ם מרוטענבערג

גע׳פסק׳נט, דאָס די קהלה האָט די רעכט צו צווינגען אַ מיט־גליעד צו זיין אנוועזענד ביים דאווענען, אין פאל ער איז נויטיג צו אַ מנין. עס איז געווען אַ מנהג צו דינגען איינעם אָדער צוויי פאר די ימים נוראים אום צו זיין זיכער מיט א מנין אין קליינע שטעדטלאך, וועלכע די מענער פלעגען געווענליך פאר־לאָזען, אום צו געהן אין דער גרעסערער שטאָדט אויף יום טוב.

יעדער מיטגליד פון דער קהלה פלעגט טאַקסירט ווע־רען פאר דער אויסהאַלטונג פון דער שוהל, לויט זיינע מעג־ליכקייטען און שטאַנד. ווען אַ פייער פארצעהרט אַ שוהל, צוזאמען מיט פריוואַטע היימען, דארף די שוהל געבויט ווערען צום ערשטען, און נאָכהער די פריוואַטע היימען.

## 4) די אַרכיטעקטור פון דער שוהל און איהרע אויסשטאַטונגען.

די מקורים גיבען זעהר ווייניג איינצעלהייטען וועגען דער אויסערליכער און אינערליכער אויסשטאַטונג פון דער שוהל. ר׳ יחזקאל לאנדוי (18טען יאָהרהונדערט) האַלט דאָס דער אידישער דין האָט גאָרניט צו זאָגען וועגען דעם ענין. (נוב״י ח״א, י״ח). מיר קענען דערפאר אָננעהמען דאָס יעדע קהלה האָט נאָכגעפאָלגט דעם מוסטער פון לאַנד. די שוהל האָט אָבער געמוזט געבויט ווערען אויף׳ן שעהנסטען פלאַץ. קיינע פריוואַטע הייזער האָבען ניט געדארפט געבויט ווערען אויף בעסערע און שעהנערע פלעצער (ספר חסידים תקל״ה).

די מקורים, פונדעסטוועגען, אינפאָרמירען אונז וועגען געוויסע אינערליכע בעפוצונגען, פיגורען פון פויגלען, לייבען, שלאַנגען, פערד, פיש, אפילו מענשליכע פיגורען און געזיכ־טער פלעגן באַפוצען די פאָרהאַנגען, פרוכת׳ן, ווענט, און די

סדורים און אויך מחזורים (תוספתא יומא נ״ד ע״א; מהר״ם מרוטנבערג, שו״ת, פראַג, תר״ו).

די פּאָדלאָגעס (פלאָרס) פלעגען זיין געמאַכט פון קאָסט־בארע שטיין מאַטעריאל און מאַרמאָר, וועלכע פלעגען אויך באַדעקט זיין מיט קאָסטבאַרע קאַרפּעטס. די איינציגע געג־נערשאַפט געגען די לעצטע פלעגט נאָר זיין, ווען אויף זיי פלע־גען זיין אויסגעוועבט בילדער און סימבאָלען פון אנדערע רע־ליגיאָנען, אום עס זאָל ניט אויסזעהן דאָס מען בוקט זיך צו געצען, ווען דער חזן אָדער קהל פאַלען כורעים, אָדער ווען מען דארף זיך איינבויגען.

דער „לא תעשה לך כל פסל וכל תמונה״ איז ניט גע־שטאַנען אין וועג פון אזוינע באַפּוצונגען, ווייל מען האָט ער־קלעהרט דאָס דיזער פאַרבאָט באַציהט זיך נאָר אויף פלאַס־טישע אָדער סקולפּטור ארבייט, אָבער ניט אויף געפארבטע דעקאָראַציעס. אין אלגעמיין, פלעגט פונדעסטוועגען הער־שען אַ געגענערשאַפט צו אזוינע געמעהלע, ווייל זיי ציהען צו פרעמדע כוונות ביים דאווענען, און דאָס נעהמט אוועק די ערנסקייט פון תפלה.

מהר״ם מרוטענבורג האָט געהייסען פארשמירען מיט פאַרב בילדער פון לייבען און שלאַנגען אויף די ווענט פון אַ שוהל אין קאָלן. עס איז באַמערקונגסווערט דאָס די זעלבע שוהל האָט געהאַט קאָלירטע פענסטער, אזוי ווי להבדיל, די קירכען. (אור זרוע ד׳ ר״ג; מרדכי נזיקין, תת״מ. דער אור זרוע האָט ערקלעהרט געמאָלעכצען פון פלאַנצונגען און פויגעל אויף די ווענד און אַ שוהל אין מיישען אלס געגען דעם אידי־שען דין.

דער ארון קודש איז ניט געווען ווי געוועהנליך אַ באַ־וועגליכע שטיק מעבעל. אין אלגעמיין, איז דער ארון קודש געווען איינגעבויט אין דער מזרח וואַנט פון שוהל, אָדער בע־

זונדער אויסגעבויט פון שטיין מאַטעריאַל. שאלות פלעגען געפרעגט ווערען ביי רבנים פון קהלות וועגען דער זיכערהייט פון די ספרי תורה געגען דער דעמפיגקייט פון די שטיינער, וועלכע נאַטירליכערוויזע טוהען אָן שאָדען דעם פאַרמענט פון די ספרי תורה, און צו עס איז ערלויבט אומצובייטען אַ שטיינערנעם ארון קודש אויף אַ הילצערנעם (אור זרוע ב׳, שפי; מרדכי, מועד, תתכ״ו).

דאָס די טירען פון ארון קודש פלעגען זיין איינגעריכ־טעט מיט שלעסער צו פאַרשליסען, ערשיינט פון דעם פאַל צי־טירט ביי ר׳ יהודה החסיד, ווען אַ שוהל האָט זיך געפונען אין גרוים פארלעגענהייט שבת צום דאווגען, און האָבען ניט גע־קענט ארויסנעהמען די ספרי תורה, ווייל די שליסעל זיינען פאַרלאָרען געגאַנגען (ספר חסידים תפ״ט, תצ״ד). די טירען פון ארון קודש זיינען געווען דעקאָרירט מיט וויינשטאָק בוימער, מנורות, אָדער מיט לייבען פיגורען, שטיינערנע טרעפ פלע־גען פיהרען צום ארון קודש. דער צוגאַנג איז געווען נידריגער פון ארון קודש, און איז געווען ארומגערינגעלט מיט אַ בימה.

אין פאָדערגרונד פון ארון קודש עטוואָס צו דער זייט איז געשטאַנען איין עמוד, אויף וועלכען עס זיינען געווען אויס־געשטעלט שורות פון ליכט. דיזע עמודים פלעגט מען אוועק־רוקען אום יום כפור, כדי עס זאָל ניט שטערען דעם דוכנען. (אור זרוע ב׳, ל״ד).

אין צענטער פון שוהל איז געשטאַנען די בימה, וועלכע פלעגט הייסען „קאַטעדרא״ (ספר חסידים ת״ד; אור זרוע מ״ה). ווי עס ווייזט אוים, פלעגט דער רב, אָדער אַ באריהממ־טער באזוכער אַ חכם, אויך די קינדער וועלכע פלעגען האַל־טען די ספר תורה ווען מען לייענט אין דער צווייטער, — זי־צען אויף פלעצער אויף דער בימה. אויל פלעגט געווענליך באַנוצט ווערען אלס באַלייכטונג, אָבער ווען דאָס פלעגט מאַ־

כען אונבאַקוועם צוליעב דעם ריח און טשאַד, פלעגט מען ער־לויבען אויך חלב׳נע ליכט.

### 5) זיץ פלעצער.

די גרעסטע שטערונג צו דעם פּראַגרעס פון דער שוהל און געמיינדע לעבען, איז געווען די אָרגאַניזירונג פון זיץ פלע־צער אין דער שוהל. אַ זיץ פלאַץ מוז געקויפט ווערען, און ווען אַ מיטגליעד האָט געקויפט אַ זיץ־פלאַץ, איז דאָס געווען פאררעכענט אלס זיין פּריוואַטער אייגענטום, ער האָט געהאַט דאָס רעכט עס צו פארקויפען, פאַר׳משכונ׳ען, פאַרמאָרט־גיידשוזען, צו באַצאָהלען דערמיט אַ חוב, אָדער עס געבען אלס טאַקס־צאָהלונג. נאָכ׳ן טויט האָט דער נעהנטסטער קרוב גע׳ירש׳נט דעם זיץ פלאַץ. די אַדמיניסטראַציע פלעגט פונ־דעסטוועגען פאַרהאַלטען פאַר זיך די רעכט צו פערבאָטען דעם פאַרקויף אָדער דאָס באַנוצען זיך מיט דעם זיץ פלאַץ צו אַ מיטגליד וועלכער איז הינטערשטעליג אין באַצאָהלען זיינע רעגעלע צו אויסעראָרדענטליכע טאַקסעס.

דער ווערטה פון אַ זיץ־פלאַץ האָט געשטייגט מיט זיין נאָהענטקייט צום ארון קודש, זעלבסטפאַרשטענדליך דאָס נאָר די רייכע פלעגען פאַרנעמען די אויבען־אָן פלעצער. אַ רייכער מיטגליד האָט געהאַט ס׳רעכט צו קויפען אַ גרויסע צאָהל זיץ פלעצער און זיי אויסטיילען אָדער פאַרקויפען צו וועמען ער האָט געוואָלט. דאַדורך פלעגט דער פּרייז פון די איבעריגע זיץ־פלעצער געהעכערט ווערען, אויסשליסענדיג די אָרימערע מיטגלידער. נאָכמעהר, אַ זיץ־האַלטער האָט געהאַט דאָס רעכט אָבצוצאָמען זיין זיץ־פלאַץ, פאַרשטעלענדיג דערמיט דעם פרייען אויסקוק פון די וועלכע פלעגען זיצען אָן דער זייט אָדער פון הינטען. דער רעזולטאַט פון אַזאַ שלעכטע אַראַנזשמענט פלעגט פיהרען צו מחלוקת׳ן, דין־תורות, און צו איין אלגע־

מיינע דיטיריאַראציע פון'ם שוהל אודיטאָריום. כמעט אלע שוהלען אין מיטעלאלטער האָבען דערפון געליטען. (שו"ת הרא"ש, ה' ד').

די שוהל אדמיניסטראציע האָט געהאַט דאָס רעכט צו פאַנאַנדערטיילען זיץ פלעצער לויט איהר ווּאונש. אויך האָט זי געהאַט דאָס רעכט ארויפצולייגען אַ חרם, אָדער צו באַשטראָפען די יעניגע, וועלכע פלעגען ברעכען זייער איינפיהרונג.

אַ געוויסער טייל פון שוהל איז געווען באַשטימט פאַר דעם נוצען פון יונגע לייט, אָדער קינדער, שורות פון נידריגע בענק פלעגען זיין איינגעריכטעט פאַר דיזען צוועק.

## 6) שוהל כבודים און אויפפיהר.

די זעלבע אַראַנזשמענט ווי ביי זיץ-פלעצער, האָט געהערשט אין באַצוג פון צוטיילען כבודים ביים דאַווענען, כבודים פלעגען געקויפט ווערען. אַ גרופע מיטגלידער האָט געהאַט דאָס רעכט אָבצוקויפען אַלע כבודים פאַר'ן גאַנצען יאָהר. אַזאַ סאָרט מאָנאָפּאָל פלעגט נאַטירליכערווייז פיהרען צו אויפרעגונג מצד די איבעריגע מיטגלידער. שאַרפע פראָטעסטען פלעגען געמאַכט ווערען געגען יחידים, וועלכע פלעגען אָפּקויפען כבודים וואָס געוועהנליך געהערען זיי צו די ראשי העיר, צום רב אָדער חזן. (אור זרוע ב', קט"ו). צו עליות זיינען געווען באַרעכטיגט נאָר די יעניגע וועלכע זיינען געלערענט צו לייענען זייער פרשה פון דער תורה, ווייל דער מנהג איז געווען דאָס יעדער האָט געמוזט קענען לייענען זיין פרשה. אָבער דער אור זרוע האָט פראָטעסטירט דאַגעגען און האָט ערלויבט אויך די ניט-געלערענטע צו קריגען עליות באַהויפּטענדיג דאָס די פליכט פון קריאה ליגט אויף דעם שמש אָדער חזן.

מיט דער אויסנאַמע פון כהן און לוי, פלעגען עליות גע־געבען ווערען נאָך דעם ראַנג פון דער פּערזאָן. די מעהר וויכ־טיגע פלעגען עולה לתורה זיין צום לעצטען, און דער רב, להיפך פון אונזער מנהג, פלעגט עולה לתורה זיין דער לעצטער אָדער שביעי, דער פּרינציפּ „מעלין בקודש" (אור זרוע ב' מ"ד).

דער מנהג פון מעכב זיין די קריאה אָדער תפלה פאַר דעם צוועק אויסצוהערען טענות פון דער קהלה געגען אַ יחיד אָדער להיפך, צו גאָר פון אַ יחיד געגען אַ יחיד, פלעגט שענד־ליך מיסברויכט ווערען. געשלעג פלעגען ענטשטעהן, און דער קאַמפּף האָט ניט אויפגעהערט ביז גערעכטיגקייט פלעגט פאַר־זיכערט ווערען. אין אַ שוהל אין קאָלאָן האָט אַמאָל פּאַסירט דאָס דער עכוב הקריאה והתפלה האָט אָנגעהאַלטען אַ גאַנ־צען טאָג. אַזאַ הנהגה פלעגט זעהר אָפט פיהרען צו דער שליסונג פון שוהל, אָדער דאָס די בעסערע מיטגלידער פלע־גען איהר פאַרלאָזען, און זיך אריבערקלייבען אין א אנדער שוהל. קיין עכוב הקריאה והתפלה פלעגט ניט ערלויבט ווע־רען אין חדש ניסן, אָדער אין די ימים נוראים טעג. ספּע־ציעלע טעג פלעגען באַשטימט ווערען פאַר עכוב התפלה והקריאה פאַר דאָרפסלייטע. די פּריווילעגיע פון עכוב הקריאה והתפלה איז שפּעטער־צו אונטערדריקט געוואָרען דורך די תקנות שו"ם (מרדכי נזיקין, קמ"ט).

שלעכטע אויפיהרונג ווערענד דעם דאַוונען איז געווען אַ שטענדיגער פלעק אויף דער הנהגה פון אידען אין זייער מקום קדוש. מען פלעגט שמועסען און באַריידען, אלערליי סאָרטען רכילות און פּליאָטקעס פלעגען דורכגעלופּטערט ווערען אין שוהל ביים דאַוונען. אפילו תלמידי חכמים פלעגען ניט אָפּגעבען דעם געהעריגען רעספּעקט פאַר'ן סדר התפלה. תלמידי חכמים און זאָגאר פשוט'ע מענשען פלעגט ערלויבט

ווערען צו עסען זייערע מאַלצייטען אין בית מדרש. (אור זרוע ב', שפ"ח; פארגלייך מגילה כ"ו).

דיזע פארלעצונגען פון שטאַאטליכקייט צייגען אָבער דאָך ניט דאָס די אידען האָבען קיין רעספעקט ניט געהאַט פאר דער שוהל און דעם סדר התפלה. דאָס צייגט בלויז דאָס די שוהל איז געווען דער הויפט פארזאמלונגס פלאַץ פאר די אי־דען פון יענער צייט. געניצען, שפייען, אָדער ניסען אין אַ שוהל איז געווען שטרענג פארבאָטען. די רעליגיעזע פיהרער זיינען געווען אונערמידליך אין זייערע אָנשטרענגונגען אָנצו־האַלטען די געהעריגע ווירדע פון דער שוהל און גאָטעס־דינסט.

## 7) שוהל בעאַמטע.

דער חזן, דער שוחט, דער בודק, דער קצב און דער שמש זיינען געווען אָנערקענטע שוהל בעאַמטע. דער חזן פלעגט קריגען זיינע שכירות פון דער שוהל. זיין אויפנאַמע אלס חזן האָט געמוזט זיין איינשטימיג. געוויסע קהלות האָ־בען געהאַט תקנות אין וועלכע עס זאָגט זיך, דאָס אפילו אַ יחיד האָט געהאַט דאָס רעכט צו פארמיידען דעם אויסוואהל פון אַ חזן. דער חזן איז געווען פאררעכענט אלס שליח צבור. ער קען דעריבער ניט זיין קיין שליח צו גאָט פאר די יעניגע פאַמיליעס וועלכע זיינען געווען געגען זיין ערוועהלונג. אוי־סערדעם איז דער חזן אויך געווען בעל קריאה, און ער וואָלט נאָך געקענט פאראורזאכען דאָס די קללות פון דער תוכחה אין בחוקותי און תבא זאָלען חל זיין אויף זיינע געגענער. (אור זרוע א', קי"צ; מהר"ם, לעמבערג ק"ט). דער חזן פלעגט אויך אויפרופען צו עליות, און עס איז דארום געווען אַ מורא דאָס זיינע געגנער וואָלטען זיך ענטזאָגט צו געהן צו דער בימה. (ספר חסידים 1594, 1595).

אָבער דער אור זרוע האָט העפטיג פראָטעסטירט גע־

גען אַזוינע תקנות „דאָס אַ יחיד זאָל קענען אָפּהאַלטען די ער־וועהלונג פון א חזן, איז ניט מעהר און ניט ווענינער ווי מידת סדם״ (שו״ת מהר״ם לעמבערג קי״א; אור זרוע א׳ קט״ו). אָבער אפילו דער אור זרוע גיט צו דאָס אויף ימים נוראים מוז דער חזן קריגען די איינשטימיגע ערלויבנים פון קהל, איי־דער ער פאנגט אָן מיט דער תפלה. ווען דער חזן איז שוין ערוועהלט, קען מען איהם ניט אוועקשיקען פון זיין פּאָסטען, סיידען אין פאַל פון פערזענליכער שלעכטער אויפפיהרונג. (אור זרוע א׳, קי״ד). נאָך דעם טויט פון אַ חזן, האָט זיין זוהן געהאַט דעם פאָרצוג צו ירש׳ענען זיין פאָטערס פּאָס־טען, אויב ער איז ראוי דערצו אין אלע אינזיכטען.

קהל׳שע בעאַמטע איז ניט געווען ערלויבט זיך צו בע־נוצען מיט פּאָליטישען איינפלוס פון דער אויסערליכער וועלט, אום ערוועהלט ווערען צו אַ פּאָסטען. הויפּטזעכליך האָט אַ חזן ניט געטאָרט דערמיט זיך צו בענוצען.

דער פאָלגענדער פּאַל איז אינטערעסאַנט: די געמיינדע פון קאלאָן האָט ערוועהלט אַ חזן. איינער פון די מיטגלידער פון דער געמיינדע, וועלענדיג זיך איינקויפען חן ביים ניי־ערוועהלטען חזן, האָט געבראַכט דערצו דאָס דער חזן זאָל באַקומען איין איינלאַדונג פון דעם דוכס (דיוק) פון קאלאָן. דער דוכס, אלס אויסדרוק פון צושטימונג צום חזן׳ס אויסוואַהל האָט פאר איהם ארונטערגענומען דאָס היטעל. דער חזן האָט זיך ענטזאַגט אָנצונעהמען דעם פּאָסטען, זאָגענדיג: „איך וויל ניט אָננעהמען אַזאַ הייליגען פּאָסטען פון אייך״, און ער האָט רעזיגנירט פון דעם אַמט צו וועלכען ער איז ערוועהלט געוואָ־רען. (שו״ת מהר״ם, פּראַג, קל״ז; מרדכי נזיקין, ק״ז).

אויסער די רעגולערע שכירות, האָט דער חזן געהאַט הכנסה פון קאָלעקשאָנס ביי חתונות, און שנדר׳ס יום טובים. אין פוילען, רוסלאנד און אונגארן, פלעגט דער חזן אָפטמאָל

אויך דורכפיהרען די פונקציעס פון אַ רב, און אויך זיין דער מלמד תינוקות. אלס קלאס, שיינט עס — האָבען די חזנים ניט געהאַט קיין צו הויכען שטאַנד. (ספר חסידים, ת״ע, תע״א).

פיעלע פון די אָרדינערע מיטגלידער פון דער געמיינדע פלעגען גלוסטען דעם כבוד צו דאַווענען פאר׳ן עמוד, זעהר אָפט פלעגט עס פיהרען צו מחלוקת׳ן און בלוט פארגיסונג (מהר״ם, שו״ת לעמבערג, קי״ב; אור זרוע א׳, קי״ג). — דער חזן פלעגט אָפט אויך פונקציאָנירען אלס שוחט. (מהר״ם, פראַג, צ׳).

דער שוחט איז צום מייסטען געווען אָפּהענגיג אָן דעם גוטען ווילען פון קצב, וועלכער איז געווען אַ אָנגעשטעלטער ביי דער געמיינדע צוצושטעלען כשר׳ע פלייש, אונטער אַ קאָנ־טראַקט געשלאָסען מיט דער געמיינדע. דער שוחט פלעגט דעריבער האָבען אויסצושטעהן געברענטע צרות פון קצב, אויב, — עהרליך צו זיין בערוף — פלעגט ער זיין צופיעל אַ מקפיד אין הלכות כשרות (שו״ת מהר״ם, פראַג, צ׳).

די אויפזיכט איבער דער שוהל איז געווען איבערגע־געבען אין די הענד פון שמש, דער „חזן הכנסת״ פון דער תלמודי׳שער פעריאָדע, איז געווען דער שמש אין מיטעל־אַלטער. זיין פליכט איז געווען אויפצוועקען די מיטגלידער אויפצושטעהן אין דער פריה צום דאַווענען, הויפּטזעכליך שבת און יום־טוב, קלאַפּענדיג אין זייערע פענסטער אָדער טהירען (מרדכי, מועד, תרצ״ו). אויסער דיזע פונקציעס איז דער שמש געווען פאררעכענט אלס קהל׳שער בעאַמטער מיט גרויסע פעראַנטוואָרטליכקייטען. זיין פליכט איז אויך געווען אויס־צופיהרען די מאַנדאַטען פון די ראשי הקהל אָדער פון בית־דין. ער פלעגט אויך דורכפיהרען די פאַרשיעדענע קערפּער־

ליכע שטראָפען, מיט וועלכע דער בית־דין פלעגט אימיצען באַ־
שטראָפען.

דער מלמד איז ניט געווען אַנערקענט אלס קהל׳שער
בעאַמטער. ער פלעגט זיין אַ געדונגענער פון פריוואַטע מיט־
גלידער פאר קינדער אונטערריכט.

---

# סיום לשתא סדרי משנה

„אמר ר׳ יהושע בן לוי עתיד הקב״ה להנחיל לכל צדיק וצדיק שלש מאות ועשרה עולמות. שנאמר להנחיל אוהבי יש ואוצרותיהם אמלא. אמר רבי שמעון בן חלפתא לא מצא הקדוש ברוך הוא כלי מחזיק ברכה לישראל אלא השלום. שנאמר ה׳ עוז לעמו יתן. ה׳ יברך את עמו בשלום״.

וואָס איז אייגענטליךְ דער געדאַנקען און די בעטאָנונג פון ר׳ יהושע בן לוי וואָס צו דער גרויסער שמחה וועלכע איהר האָט זוכה געווען צו מסיים זיין, די ששה סדרי משנה. דריקט זיך אוים ר׳ יהושע בן לוי, „עתיד להנחיל״ און דער צווייטער אויסדרוק, „הקב״ה לשלם״. וואָס בעטאָנט ר׳ יהושע בן לוי? און ווי קענען מיר דעם מאמר ערקלערען? נאָר איידער מיר וועלען צוקומען צו דעם עיקר הרעיון פון ר׳ יהושע בן לוי וועל איך אייך מוזען מקדים זיין דעם ענין פון דעם גע־ראַנגעל פון יעקב. „ויותר יעקב לבדו ויאבק איש עמו עד עלות השחר וירא כי לא יכל לו ויגע בכף ירכו ותקע כף יעקב בהאבקו עמו״.

דער מדרש, שיר השירים, זאָגט: „מי זאת עולה מן המדבר ר׳ יודן אומר כל הרוכלות שישראל עושין ומצליחין בעוה״ז בזכות אותה האבק, ר׳ עזרי׳ אומר כל תורה שישראל עושין בעוה״ז בזכות יעקב אבינו, ר׳ ברכי׳ ור׳ סימן בשם ר׳ אבוה אמר אותו האבק נטלו הקב״ה ונתנו תחת כסא כבוד שלו״.

לויט ווי אַלע ערקלערונגען אין תורה און מדרש זעהען מיר לויט אונזער יעצטיגען פראַקטישען לעבען אויב מיר

ווילען מאַכען אַ געוויסען ערפאָלג פאַר אַן אונטערנעמונג ווייסען מיר דאָס דער בעסטער ערפאָלג וואָלט געווען א פייט אונטערנעמונג. ווארשיינליך, גלויבן מיר אַז די פייט געשעפטען איז ערפונדען געוואָרען אין די שפּעטערדיגע דורות, נאָר וויסען זאָלט איהר אַז דער ערשטער מעכטיגער און אוננאַטירליכסטער פייט וואָס האָט געגעבען דעם גרעסטען גליק איז שוין געווען דורך יעקב אבינו אונזער פאָטער וועלכער האָט געפייט מיט דעם איש און ווי די חז״ל זאָגען אונז איז דער איש געווען דער שר של עשו. אין וואָס אייגענטליך איז בעשטאַנען דער פייט?

רבותי, די צוויי ברידער יעקב און עשו זיינען געווען פאַרשידענאַרטיג און אַ געגענזאַץ אין זייערע איינשויאונגען און אינסטינקטען פון לעבן. עשו האָט פארשטאַנען און געשטרעבט צום פּראַקטישען לעבען, דאָס וואָס ער האָט געפיהלט און דאָס וואָס ער האָט געקענט אָנטאַפּען ממש מיט די הענט. אין קורצע ווערטער, אַ פאַרטיג געבוירענער מאַטעריאַליסט און ער האָט געוואָלט ארייינציהען אין זיינע הענט אלעם וואָס איז לעבען און צום לעבען. יעקב האָט פאַרשטאַנען און גערענקט אַז דאָס וואָס איז ניט אייביג איז ניט קיין גליק און זיין דענקען און שטרעבען איז געוון געווידמעט צו א העכערען גייסט און צו מעהר אייביגקייט. עשו איז געוון צופרידען וואָס יעקב איז אַ טרוימער, וואָס יעקב פאַנטאַזירט און דיינקט וועגען א צווייטע וועלט און אַ העכערע וועלט כדי ער זאָל קענן אליין האָבען די מעגליכקייט אריינצוכאַפּען און צונעהמען פאר זיך אלעם וואָס די וועלט פארמאָגט. אָדער ווען יעקב אבינו דורך דער ווירקונג פון זיין מוטער רבקה וועלכע דיקטירט איהם אַז ס׳מוזען אָנגענומען ווערען אלע מיטלען דאָס יעקב זאָל קריגען די ברכות פון יצחק׳ן, ברכות וועלכע ער האָט איבערגענומען פון זיין פאָטער אברהם. און ווען יעקב אבינו האָט דערגרייכט און

האָט געקראָגן אין די ברכות דעם טל השמים אזוי ווי אויך דעם משמני הארץ, דאָס הייסט, גליק און רייכטום. דאָס האָט עשו'ן אויפגעשטורעמט... צו זיין אַ פאַנטאַזיאָר און שטרע־בען צו אַ העכערע וועלט, מיט אַמאָל האָט יעקב פון איהם צו־גענומען דעם משמני הארץ וועלכע עשו האָט געציעלט פאר זיך און נאָר פאר זיך, אָט די שנאה פון עשו'ן וועלכע איז ניט נאָר געווען ביי עשו'ן נאָר אפילו יעצט אויך אין יעדער תקופה פון לעבען וואו מיר זאָלען זיך ניט געפינען קען מען נאָך פאר־טראָגען אונזער אידעאַליזם און אונזער שטרעבען צו הימלישע זאַכען. אָבער זיי קענען ניט פארטראָגען ווען זיי זעהען ביי אונז רייכטום און מאַטעריעלע גליק. און די שנאה האָבען זיי גע'ירש'נט פון ערשטען עשו. און ווי די געשיכטע דערצעהלט אונז אין מצרים ווען עס איז ערלויבט געוואָרען יעקב'ן מיט די קינדער זיך צו באַזעצען אין גשן, און זיי זיינען באמת צו פרידען צו האָבען אַזעלכע אָרענטליכע מענשען ביי זיך אין לאַנד, נאָר אזוי ווי עס געוואָרען ותמלא הארץ אותם, אידען זיינען געוואָרען פול, רייכער, שטאַרקער, דאַן איז געשאַ־פען געוואָרען דער אַנטיסעמיטיזם געגן דעם אידישען רייכטום. און אזוי איז אין יעדען לאַנד און אין יעדער פעריאָדע.

ערשט יעצט ווען יעקב אבינו האָט זיך אומגעקערט צוריק פון לבן'ן, ער איז געגאַנגען צו זיין געבורט לאַנד און האָט אַלעמען טראַנספערירט פון יענער זייט און ער איז געבליבען אליין, דאַן איז געשעהן דער פייט פון שר של עשו מיט יעקב. דער שר של עשו איז געקומען מיט דער לאָזונג פון עשו'ס שטאַנדפונקט אַז פאר דיר יעקב בעלאַנגט דער טרוים פון עולם הבא און די פּראַקטישע וועלט פון משמני הארץ איז מיינע, עס פּאַסט ניט פאר דיר, און עס באַלאַנגט ניט צו דיר. און ער האָט געוואָלט אז יעקב זאָל בלייבען אליין אָהן רייכטום, אָהן פארמעגען, דאָס איז געווען דער וואונש פון שר של עשו. דער באַגרינדעטער ענטפער פון

יעקב אבינו אין דעם פייט איז געווען, פאר מיר פאסט זיך ניט קיין עולם הזה אין דעם זין וואס דער שר של עשו מיט עשו'ן דענקען. דער משמני הארץ, מאטעריעלער גליק פון קער־פערליכען גענוס, צו מעהרער תאוה און מעהר קערפערלי־כע פארגעניגענס איז ניט פאר מיר. יעקב האט בלויז געפא־דערט אז דער מאטעריעלער זין און רייכטום זאל אויסגע־טייטש ווערען אנדערש. געווים קען קיין העכערע דענקען ניט זיין אהן דעם מאטעריעלען כח. אבער דער גליק פון דעם רייכטום און גענוס פון עולם הזה איז שטארק צוזאמען געבונדען מיט דעם גליק פון א העכערע וועלט העולם הבא. ד. ה. דער מאטעריעלער זין פון רייכטום קען אויסגענוצט ווע־רען און פארווענדעט ווערען צו הייליגקייטען און אייביגקייט. און אין דעם ערנסטען קאמפף איז ארוים יעקב אבינו דער זיעגער וועלכער דער געגענזייטיגער פייטער האט געמוזט דעם פייט אויפגעבען און בעשטעטיגען דאס יעקב איז דער זיעגער. דאס בעטאנען די חז"ל אין דעם מדרש: „כל הרוכלות" אלע גליקען וואס מיר האבען אין אלע תקופות פון לעבען וועלכע אונזערע שונאים פערצוימען און בעגרע־ניצען אונז און דאך געפינען מיר דעם זיעג צום לעבען און טייל מאל אין א העכערען פארמאט, דאס איז אלץ אין דעם זכות פון אבק של יעקב. (וואס איז אבוקה? דער מדרש דריקט זיך אוים יעקב אבינו'ס אבק האט דערגרייכט ביז'ן הימעל, ד. ה. שטויב.) אזוי ווי דער אבק של יעקב וועלכער האט בעזיעגט, אזוי מיינען מיר אויך דאס גליק פון לעבען וועלכער מיר בעציהען עס אויף בעסערע צוועקען. „ור' סימן בשם ר' אבוה אמר אותו האבק נטלו הקב"ה ונתנו תחת כסא כבוד שלו". אז דער רבש"ע האט גענומען דעם אבק און עם ארונטערגעלעגט תחת כסא הכבוד, אזוי טייער און היי־ליג איז דער אבק אפילו די תורה וואס ווערט געשאפען דורך אידען בעולם הזה איז אויך בזכותו של יעקב אבינו פון יענעם

אבק. און דאָס איז אונז בעטאָנט צו דעם וויכטיגען מאָמענט וואָס מיר פייערען די שמחה פון סיום משניות. פארשידענע חברות האָבען מיר וועלכע זיינען קובעות עתים לתורה. חברה ש״ס, משניות, עין יעקב, און אזוי ווייטער. חברות וואָס לערנען לענגער און קירצער אין דער צייט וואָס יעדער איד האָט אַ פאַמיליע און איז אונטערוואָרפען צו מאַכען אַ לעבען, ווער רעדט שוין פון דעם שווערען קאַמף וועלכער קומט פאָר יעצט מיט אונז ווען דער שווערער קריזיס בושע־וועט, קענען מיר פארשטעהן ווי ווייט עס איז שווער פאר יעדען פון אונז דער לעבענס־קאַמפף. דאָך געפינט דער איד צייט פאר זיצען און לערנען, און דער שטרעבונג פון שאַפען און ערווערבען די מאַטריעלישע זייט איז ביים איהם קאָנצענ־טרירט אלץ צו דעם איינציגען שטרעבען פאר דער פאַלקאָ־מענהייט פון דער תורה אין מאָראַלישען ווערטה. אין אונזער לאַנד איז גרוים די אָפּשאַצונג פון רייכטום. די ערשטע זאַך פרעגען מיר וויפיעל יענער איז ווערטה, וואָס אויף דער ווער־דע קומען מיר מאַנכע מאָל צו דער איבערצייגונג ווילענדיג און ניט ווילענדיג אַז דאָס איז נאָך ניט די אמת׳ע ווערדע. מיר קענען קיין געלט ניט איינהאַלטען. עס איז נאָך ניט באַשאַפען געוואָרען דער שלאָס וואָס זאָל קענען געלט איינשליסען און ווען איינעם גיט זיך איין צו קענען איינ־האַלטען געלט איז ער ניט דער בעל הבית פון די געלט נאָר די געלט אויף איהם, און נאָך אַלעמען דער סך הכל אז דער מענש מוז אַוועק געהן פון די געלט און די געלט געהט איבער אין אנדערע הענט, אפשר אין ניט קיין גערעכטיגטע הענט, קענען מיר דאָס באמת אָנרופען פארמעגען? אויף דעם זאָגט ר׳ יהושע בן לוי, דעם עיקר צייט וועלכע איהר האָט געשפאָרט אויף לערנען, „עתיד הקב״ה להנחיל לכל צדיק וצדיק שלש מאות ועשרה עולמות, שנאמר להנחיל אוהבי יש ואוצרותיהם אמלא.״ איהר וואָס האָט אויסגעטוישט אויף

הייליגקייט און געאָפּפערט צו לערנען דעם פּרק משניות, איהר האָט אָפּגעריסען פון דער צייט וואָס איהר דאַרפט זי אליין, האָט איהר אויסגעטוישט אויף דער אינשורענס צו האָבען וועלטען, אין דער צייט וואָס דער פארמעגען וואָס איך האָב אייך געשילדערט קען עס קיינער ניט איינהאַלטען.

פריינדע, ניט אַלע וואָס זיינען יעצט איינגעלאַדען צו דער סעודת סיום המשניות האָבען געהאַט די געלעגענהייט צוליעב די שווערע אומשטענדען צו קענען לערנען משניות. זאָגט אויך ר׳ יהושע בן לוי און טרייסט אַלעמען, „לא מצא הקב״ה כלי מחזיק ברכה לישראל אלא השלום.״ ביי אונז איז אַנדערש ווי ביי אַלע אַנדערע פעלקער, מיר זיינען איינינג, אַלע זיינען פאַר איינעם און איינער פאַר אַלע. וואו נעמט מען אַזאַ פאָלק וואָס זאָל זיין אַזוי געאייניגט, „שנאמר ה׳ עוז לעמו יתן״ אלס אן אייביגע פאָלק האָט ער אונז געגעבען די שטאַרקע וואַפען וואָס דאָס האַלט אונז אויף אייביג און ניט קיין האַר־מאַטען און געווער נאָר אונזער הייליג תורה און אחדות.

איך האָף דאָס איהר וועט זוכה זיין ללמוד וללמד לסיים ולהתחיל, מיר ענדיגען ה׳ יברך את עמו בשלום און מיר פאַנגען אָן מיט ברכות „מאימתי קוראין את שמע ישראל״, מיר זאָגען ניט ישראלים, מיר זאָגען ישראל, ד. ה. אלע ווי איין איד, איינער האָט אין דעם אַנדערען אַ חלק און דערפאר זיינען מיר יעצט אלע גלייך.

---